# אווּרעמל
(באַלאַדע)

פ. סיטאָן־גערווידמעט

1

פון בערדיטשעוו, צי אַנאַניעוו,
פון וואָלין, צי פון כערסאָן? —
ווער קען וויסן דעם פונוואַנען,
פרייע פויגלען קומען אָן!

גאַסנקינדער, העפקער־יאַטן —
ווער קען וויסן דעם אַוווּ —
אופגעהאַנגען מ׳האָט דעם טאַטן,
און פאַרגאָסן מאַמעס בלוט!

אַף די ווינטן יאָגן וואָלקנס;
האַרבסטיק בלעטל — אַ־בער שליאַך.
פונעם דניעפּער, צי פון וואָלגע —
קינדער העפקער, אָן אַ דאַך.

האָבן וואָלקנס ניט קיין היימען;
האַרבסטיק בלעטל — אָן אַ בוים.
ס׳האָט דער גאַסן־יאַט אַוורעמל,
אָן זיין היים פאַרגעסן שוין.

יאָ פאַרגעסן, ניט פאַרגעסן —
מאָסקווע ליבע! דו ביסט — היים!
וואַרעם, ווינטער, דיינע קעסלען;
קיל איז זומער אַף דיין שטיין.

פויגלען זוכן שפּייז איניינעם:
שנאָבלען פּיקן מויל צו מויל; —
אַז כאַווײַרים האָט אַוורעמל,
טיילט מען זיך מיט ביסן ברויט.

צווישן קאָרן, ווייץ און פלאַקסן,
בליט אַ ווילדע דאָרן־רויז;
אַז אַף העפקער — קינדער וואַקסן,
וואַקסן ווילדע קינדער אויס.

לויערט מען אין הינטערגעסלעך,
און באַפאַלט מען און באַרויבט;
ברעכט מען פענצטער אויף און שלעסער,
און געגאַנוועט און פאַרקויפט.

וואַרטן שפּינען, שפּינען זיבן —
איז אַ פליג אין נעץ אַריין.
אַף דעם סוכער־מאַרק פאַרבליבן,
הענדלער נאָך פון אַלטער צייט.

אָנגעקלאַמערט אונטער פורן,
יאָגט אַוורעמל טאָג־ און־ בארג.
פון דעם סקווער צו סוכערס טורעם,
פון דעם טורעם צו דעם מאַרק.

בא דעם מאַרק אַראָפּגעקלעטערט,
און אַף פולן גאַנג — אַ שפּרונג.
— אַ גוט־מאָרגן, סויכער־פעטער!
און מיט אויגעלע אַ ווונק...

— גיך, דו יונג! אַרויס מיט לאָשן!
ווייז די סכוירע און אַן עק!
— צייל אָפּ, פעטער, הונדערט גראָשן —
כ'האָב אַ זייגער אָפּגעשטעקט!

זייגער האָט אַ זילבער־רעמל;
גאָלד־געפּוצט דער ציפערבלאַט...
וואָלוול סכוירע באַ אַורעמלען;
קויפן הענדלער באַ דעם יאַט.

לייגט מען זיך צונויף די גראָשנס,
און מע טרינקט זיך אָן מיט ע'נאַפּס.
קוקן אויגן — אויסגעלאָשן;
און דאָס פּאָנים — געל ווי וואַקס.

מער פון אַלע טרינקט אַורעמל:
סאַמאַהאָן, אַזש זעכציק גראַד!
הויט אין פאַלדן, קנייטש אַף ברעמען,
און פאַרעלטערט איז דער יאַט...

2

איז אַ בלאַסע נאַכט געווען —
וואָלקן ליגט אַף הימל־ראַנד.
און אין סקווער צווישן גרעזלעך,
שלאָפן קינדער, האַנט־באַ־האַנט.

איז געווען אַ נאַכט אַ בלאַסע —
געלע בלעטער אונטער בוים.
העפקער־קינדער אַף די גאַסן;
וואָלקן — העפקער אין דעם רוים.

נאָר אַורעמל קען ניט שלאָפן —
מער קיין שנאַפּס נישטאָ אין פלאַש...
אַך, ווען ער וואָלט אָנגעטראָפן
איצטער עמעצנס אַ טאַש!

האָט אַורעמל אומגעבלאָנקט זיך —
ליק און סקווער און קופּעס מיסט...

אַך, ווער דרימלט אַף דער באַנק דאָרט? —
דרימלט דאָרט אַ מאַשיניסט!

מאַשיניסטן טרײַבן באַנען —
לונגען — שטאָל, און אויגן — גרויס!
פּוך־און־פּאַך, און דאַמף, און פלאַמען —
און פאָרויס! פאָרויס! פאָרויס!

— דרימל, דרימל, פעטער ליבער...
פלינק מיין הענטל און געשיקט!..
שפּינען וואַרטן... שפּינען זיבן...
איז אין נעץ אַריין אַ פליג!

— דרימל, דרימל, נאָך אַ רעגע...
גילדן הענטעלע... אַ כפּעך!..
זיבן שפּינען וואַרפן נעגל;
איז אַ פליג אריין אין נעץ!

פליטער־פלאַטער... ציטער־צימבל...
ריס אין שפּינוועבס — פריי די פליג!
אופגעכאַפּט זיך פונעם דרימל —
און אַ ווורעמלס האַנט פאַרדריקט!..

— ניט געלונגען, גאַנעוו־ייגגל!
אין מיליציע כ׳פיר דיך אָפּ!
— פעטער! כ׳וועל אַ ליד דיר זינגען,
אויסגעטראַכט אַליין פון קאָפּ!

האָבן שטערן זיך צעוווּנקען,
האָבן ביימער אופגעוואַכט.
האָט אַ וורעמל זיך צעזונגען,
אָט אַזוי אין בלאַסער נאַכט:

— זיבן וועגן פון מײַן שטעטל,
שלענגלען זיך אַוועק אין ווײַט.
מיט אַ יעדן וועג — אַ העטמאַן,
אַף אַ שוואַרצן אָגער רײַט.

נאָכן אָגער — קראָען־מענגעס;
אַף א יעדן בוים — אַ קראָ.
און אַף צווײַגן מענטשן הענגען,
וואָס צעהאַנגען האָט מאַכנאָ.

הענגט דער טאַטע. הענגט אויך מאַמע.
הענגט מײַן גרויסער ברודער הערש.
און אַף בערגל — זון אין פלאַמען,
ווי אַ אָנגעגליט שטיק מעש...

מיטן שטעטל זיך געזעגנט;
ווו זשע גיין — אַז פרעמד אַרום?
זון אַף באַרג וועט ווײַזן וועגן —
וועל איך נאָכגיין נאָך דער זון!

אַז ס'נישט מאַמע, אַז נישט טאַטע,
אַז מ'איז עלנט ווי אַ שטיין —
בין איך מיר אַ יאַט מיט יאַטן,
און דאָס גאַנצע לאַנד — מײַן היים!

אַז ניט טאָוול, פען און קלעקער;
אַז ניט לערער, בוך און אָס —
בין איך מיר אַ קינד אַף העקער;
דאַך — דער הימל. בעט — דאָס גראָז!

ס'איז דאָס לידל פונעם לעבן,
ס'איז דאָס לידל פונעם טויט —
בעט איך, פעטערל, זאָלסט געבן,
מיר אַ קאָפּקעלע אַף ברויט...

3

אַז אַוורעמל ענדיקט זינגען —
רופט דער מאַשיניסט זיך אָפּ:
— קלוגע אויגן האָסטו, ייִנגל,
יונגן ברען און גוטן קאָפּ.

נו, אַז העפּקער, נו, איז וואָס דען?
איז דען העפּקער בלוט און שווייס?!
איך בין אויך געווען א יאָסעם —
האָט די אַרבעט מיך געטרייסט...

און אַז ס׳האָט זיך וואָלקן ווייסער,
אָנגערוקט אַף רויטע טעג —
מיט מײַן באַן אַזוי ווי אײַזן,
כ׳האָב פאַרשמעלצט זיך — אין געיעג!

און ווי בליץ אַריבער ראַנדן!
איבער אָפּגרונט, פעלז און בריק!
און צוויי הערצער קלאַפּן בראַנדיק:
מײַנס... און האַרץ פון פאַראַיזיק!

און געטראָגן זיך אַף ווייסע!
און געשניטן טאָג ווי נאַכט!
... דו — אַ ליד, און איך — אַ מאַיסע,
איך אַ מאַיסע פון דער שלאַכט!

איז דײַן ליד שוין איצט געענדיקט,
און מײַן מאַיסע איז צו ענד! —
אָבער שטענדיק, שטענדיק, שטענדיק —
לעבט די אַרבעט! לעבן הענט!

קום אין פאַבשול — וועסט זיך לערנען,
לייענען, שרייבן און א פאַך...



שטייט אַווערעמל אַ פאַרקלערטער:
גראָז — דאָס בעטל... הימל — דאַך...

— און דו אַרבעטסט אין פאַבריקן,
און דו אַרבעטסט אין זאַוואָד!..
שטייט אַווערעמל אַ פאַרטיקטער:
און די סקווערן?.. און די שטאָט?..

— שטעלסט אוף ראַדי! עפנסט שאַכטעס!
און דו בויעסט! און דו שאַפסט!

שטייט אַוורעמל אַ פאַרטראַכטער:
פרעמדע טאַשן... פלעשער שנאַפּס...

— קום אין פאַבשול! ווערסט זיך פלייסן!
אַרבעט וואַרט אַף יונגער האַנט!
ווערסט אינגיכן זיין אַ מאַיסטער!—
העלפן בויען אונדזער לאַנד!..

יונגער שטערן שווימט אין רוימען;
שווימט אָן שרעק אין בלאָען יאַם.
צווייגן יונגע אַף די ביימער—
שטייגן העכער פון דעם שטאַם!

יונגע צווייגן! יונגער שטערן!
בלאַסע נאַכט האָט ניט פאַרפירט...
אין אַוורעמלס אויגן טרערן:
— פעטער... קום! איך גיי מיט דיר!..
. . . . . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

4

אַ וואָך אַוועק. אַ כוידעש שוין.
אַ יאָר איז שוין פאָריבער.
אַוורעמל אין דער פאַבזאַוושול—
מיט האַמער, בוך און טרוימען...
אַוורעמל צייכנט פלענער שוין,
און לענין־סטיל פאַר שטיבער;
שטיבעלעך פאַר קינדערלעך,
מיט פענצטער, טיר און קוימען...

און גליקלעך איז אַוורעמל איצט;
דער גליקלעכסטער פון קינדער!
זאַט און ריין און פיזקולטור;

ביכער, טינט, כעשבוינעס.
צו צוואַנציק יאָר — אַ אינזשיניער;
צו דרייסיק — אַ דערפינדער!
מאַשינען ביי — פאַר אייגן לאַנד;
געווערן — קעגן סוינע!

און וואָס, אַז יונג?! — דאָס לעבן גייט!
דאָס לעבן טראָגט זיך ראַשיק!..
אַווראעמל טרוימט: אַ מויער־בוי...
— ווער שטייט אין הויך? — אַווראעמל שטייט...
מיט פלאַן און שנור... און היטל — בלוי...
צוויי העמערלעך אַף דאַשעק!..

אַווראעמל טרוימט פון פליגלען צוויי,
אַף שטייפע הענט צעצויגן...
און מענטשן פליען... יונג און אַלט...
און ס׳פליען קליינע קינדער...
און אונטן שטייט אַ וועלט און גאַפט:
— מענטשן, ווי די פויגלען!..
ווער די פליגל — אויסגעטראַכט?
— אַווראעמל, דער דערפינדער!..

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

5

... טייכן שטראָמען. טעג פאַרשוועבן.
קומט דער הארבסט אָן. וויכער. נעבל.
סקווערן נאַקעט. שטיינער נאַס.
און אין נעכט פון האַרבסטיק וויכער —
מאַכט אַווראעמל צו דאָס ביכל,
און פאַרבענקט זיך נאָך דער גאַס...

דאַכט זיך אים: די ווענט פון כיידער,
זיך צעצויגן ברייט און ברייטער...
ביז מע זעט ניט מער...
און פון דיל — אַ גאַס מיט שטיינער,
און אַף שטיינער ליגט זיך איינער,
און דער איינער — ער!..

האט אין נאָז פאַרשמעקט זיך קוילן...
קופּעס מיסט און בלעטער פוילע...
פּעך פון קעסלען אינעם האַרבסט...
ווערט דער בויך אַ שטיין צוקאָפּנס...
קאַפּעט טינט ווי טישרע-טראָפּנס...
און אין טינטער — שנאַפּס!..

ווערט אַוורעמל זיך אַ לאָז טאָן,
איבער גאַסן גראָ און פּראָסטיק,
איבער שאָטנדיקער שטאָט...
ווינט אין קעסל אַף לוביאַנקע,
גרישקע „פליך" און „שוויצער" וואַנקע —
ביידע שיקער-לאָט!

הענגט אַ נאַכט אין וואָלקן-שמאַטעס,
אָפּגעפּליקט ווי גאַסן-יאַטן —
נאַכט... אַ העפקער-נאַכט...
האָט אַ פּיסק זיך ברייט צעצויגן...
און אַוורעמלען אין די אויגן —
הייזעריק צעלאַכט...

פּאָנים — טשיריק. ברודע ליסקעס.
קענטלעך, דאַכט זיך?.. וועמענס פּיסק איז?..
— האַ! דו, גרישקע פליך!
— דו, אַוורעמל! ווײַ די יאָרן!
ביסט דאָך אַ בורזשוי געוואָרן! —
פּעלץ און העמד און שיך!..

קום אין קעסל, אַף לוביאַנקע...
איך און וואַנקע — אַ הוליאַנקע,
גרייטן דאָרטן אָן!
זיין וועט מאָסעלפּראָמער וווּרשטן,
און אַז וווּרשטן וועלן דורשטן —
זיין וועט סאַמאַהאָן!..

צאַנקט לאַמטערן... גאַסן דרימלען...
פאַלן שטערן פונעם הימל —
שלינגט זיי איין די נאַכט...
טראַכט אַווּרעמל: גיין, צי נישט־גיין?..
מיט דעם לערער?.. צי מיט גרישקען?..
טראַכט אַווּרעמל — טראַכט...

לערנען? טרינקען? טרינקען? לערנען?..
... שטערן פאַלן. יונגע שטערן.
און אין נאַכט — פאַרזינקט...
טרינקען? לערנען? לערנען? טרינקען?..
... שלינגט די נאַכט און שאָטנס שלינגען;
און דער קעסל שלינגט...

פלענער... פליגל... בוי... פאַבריקן...
אָדער — העפקער... קרעציק... שיקער...
מאָרגנזון... צי האַרבסט...
שנאַפּס... צי ביכל?.. בוך... צי שנעפּסל?..
נאָר, אָט איז מען שוין באַם קעסל,
און אין קעסל — שנאַפּס!..
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

6

אַ נאַכט איז פאַרבײַ. אַזוי ענג. אַזוי שוואַרץ.
אין קעלט, און אין נעץ, און אין בלאָטע.
און פּלוצים דערפילט האָט אַווּרעמל אין האַרץ:
עפּעס ווייכס... עפּעס וואַרעמס... כאַראָטע.

געלעגן אַוורעמל מיט פּאָנים אין אַש,
אַזוי ווי אַ געשאָסענער פויגל.
און ס׳גלאַנצט ווי אַ בעלמע די ליידיקע פלאַש,
נאר פול זיינען טרעריקע אויגן.

— אַוורעמל! וואָס ווייַנסטו? קיין שנאַפּס נישט פאַראַן?
דו, גיב נאָר די שיך און דאָס פּעלצל...
און איר זאָלט מיך וואַרטן אין באַנהויף „קאַזאַן",
אַף קופּע מיט קויל בּאַ די רעלצן!

איך לויף־צו אין מאַרק און איך קער זיך אום גיך;
א סוז׳ע אין באַנהויף געפּראַוועט!..
נו, גיב זשע, אַוורעמל, דעם פּעלץ און די שיך—
און וויין ניט, אַזוי ווי אַ באַבע!..

כליפּעט אוורעמל: איך גיב ניט! אן עק!
גענוג שוין פון קעלטן געליטן!
און, דאָך, גיט אַוורעמל דאָס פּעלצל אַוועק...
ער וויל ניט,— און גיט עס... און גיט עס...

כליפּעט אַוורעמל: איך האַס דיך, דו „פּליך"!
און נימעס דו ביסט מיר, דו „שוויצער"!
און, דאָך, גיט אַוורעמל די זאָקן, די שיך...
ער וויל ניט,— און גיט זיי... און גיט זיי...

— איך וועל ניט אַוועקגיין מיט אייך אַף „קאַזאַן"!
וועל היים־גיין!.. וועל שרייבן!.. וועל לייענען!..
נאָר... דאָט זיצט אַוורעמל שוין הינטער דער באַן,
אַף קוילן, אַף שמאַטעס, אַף שטיינער...

— אַך, וואַנקע! אָט קומט ער! מיט פלעשלעך — גאַלאָפּ!
— איך טרינק ניט!! אָ, לאָזט מיך אַנטלויפן!!
און, דאָך, האָט אַוורעמל פאַריסן דעם קאָפּ —
געזויפן פון פלאַש און געזויפן...

— געוווג, דו, אוורעמל! ס'איז נײַנציקער!.. שטיי!
וועסט שטאַרבן! וועסט ווערן פֿאַרבראָטן!
נאָר ס'הערט ניט אַוורעמל... אַ פּלעשל! און צוויי!
און ס'דריטע! ביז לעצט! אין איין אָטעם!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

האָט נאַכט אויסגעריסן אַ שטערן פֿון רוים?
האָט וויכער צעבראָכן אַ ביימל?..
ווער בויגט זיך צו קינדערשע ליפּלעך אין שוים?
ווער קושט זיי און מורמלט: אוורעמל?..

ווער האָט אים געטוליעט אין וואַרעמען שויס?
און — ווער אין שפּיטאָל אָפּגעגעבן?
— ס'איז דער, וואָס ער טראָגט זיך פֿאָרויס און פֿאָרויס,
אַף וועגן פֿון טויט און פֿון לעבן!..

7

און מ'האָט פֿון דעם יאַטל געפּאָמפּעט דעם שנאַפּס,
די קעסלען... דעם סקווער... האָלעוועשקעס...
פֿון בעטל אַראָפּ — נישטאָ מער קיין האַרבסט!
אַ פֿרי־יאָר, אַף צוויטיקע סטעזשקעס!

און ס'טראָגן זיך באַנען אין בלומיקער וועלט,
צו פֿרייע, צו זוניקע היימען...
און אַף פּאַראַוויק — ווער שטייט ווי אַ העלד? —
דער יונגער מעכאַניק אַוורעמל!

. . . . . . . . . . . . . . . . .

עך, טראָג זיך! עך, יאָג זיך! צוג, דו מײַן צוג!
מיט גרויסן צעשאַלט איבער שטרעקעס!
ווער ס'האָט שוין דעם טויט אין די אויגן געקוקט —
דעם וועט שוין דאָס לעבן ניט שרעקן!

8

פון בערדיטשעוו, צי אַנאַניעוו,
פון וואָלין, צי פון כערסאָן? —
ווער קען וויסן דען פונוואַנען,
פרייע פויגלען קומען אָן!

העכער, פויגל! העכער שוועבן!
דורך וויכער! קעגן ווינט!
ס׳איז דאָס ליד פון נייעם לעבן!
ס׳איז דאָס ליד פון נייעם קינד!

# דער שמייכל פון וואַן-פו

1

צופוסנס די מיזרעך־בערג פון שאַן־דון האָט געוווינט דער כינעזער יו־סין. ער האָט באַאַרבעט זיינע דריי העקטאַר רייז און דערפון געלעבט מיט זיינע דריי טעכטער און איינציקן זון וואַן־פו.

יו־סינס עלטער־זיידע איז געווען אַן עלטסטער פון שייוועט קאַ־כין, וואָס האָט געוואַנדערט אַף די גרענעצן פון טיבעט און געפירט מילכאָמעס מיט די שוואָטים לאָ־לאָ, שטאָלצע גיבוירים, וואָס האָבן געקעמפט פאַר אומאָפּהענגיקייט און ביז הײַנטיקן טאָג געבליבן פריי פון פרעמדער הערשאַפט.

נאָר ס'איז געווען אַ צייט, ווען דער שייוועט קאַ־כין האָט שאָלעם געמאַכט מיט די גיבוירים פון לאָ־לאָ, און, דעמאָלט, האָט יו־סינס עלטער־עלטער־זיידע כאַסענע געהאַט מיט איינער פון די טעכטער פון לאָ־לאָ, און פאַרזאַמלט זיין שייוועט, די קאַכינער, און זיי אַזוי געזאָגט:

— קינדער פון קאַ־כין! קלויבט אייך אויס אַן אנדער פירער. ווייל איך און מיין ווייב גייען אַוועק אין טיף פון לאַנד, ביז די ברעגן פון געלן יאַם, צו זוכן זאַפטיקע ערד און לעבן א פרידלעך לעבן. בלייבט געזונט. האַלט אָן דעם שאָלעם מיט די קינדער פון לאָ־לאָ און זאָל די גליקלעכע פרייהייט זיין מיט אייך.

און יו־סינס עלטער־זיידע האָט זיך געלאָזט מיט זיין ווייב פאָרויס, פאָרויס, אדורך דעם לאַנד פון די פיר טייכן, וואָס רופט זיך אָן סי־טשואַן, און ביז טשון־צין־פו, און ביז אי־טשאַן; און מיט די וואַסערן פון גרויסן טייך יאַן־דזי־דזאַן, דערגאַנגען ביז נאַנקין, און פונדאָרטן זיך פאַרקערעוועט צו די הויכע בערג, וואָס האָבן אַמאָל געהייסן צי, און היינט רופט מען זיי שאַן־דון. דאָרטן האָט יו־סינס עלטער־עלטער־זיידע זיך באַזעצט, און זיך אויסגעלעבט די

יאָרן אין די פּאַלדן פון שאַן־דון, איבערלאָזנדיק נאָך זיך געוואַגטע העלדישע זין.

נאָר אַמאָל זײַנען אין כינעזישן דאָרעם־יאַם געקומען צו שווי־מען ענגלישע שיפן מיט טשוהונגענע רערן פון טויט; זיך אוועקגע־שטעלט צווישן אינזל פאָרמאָזע און קאַנטאָן, און פונדאָרטן באַ־צוווּנגען די גאַנצע כינעזישע ערד.

האָבן די העלדישע זין פון יו־סינס עלטער־עלטער־זיידן שטאַרק פײַנט געקראָגן די פרעמדע ענגלענדער, און מערער פון אַלעמען האָט זיי געהאַסט יו־סין, וואָס איז געווען שטאָלץ און גרייט צו קאַמף, ווי דער שייוועט לאָ־לאָ, און ליב געהאַט די פרייהייט, ווי דער שייוועט קאַ־כין.

און אַז אין טויזנט נײַנהונדערטן יאָר זײַנען אופגעשטאַנען די באָקסערן אַקעגן די פרעמדע און אָנגעשריבן אינדערלענג פון זייערע פאָנען, די ווערטער: „כינע — די כינעזער!“; „אַרויס מיט די פרעמדע!“ — איז יו־סין געווען דער ערשטער פון שאַן־דון, וואָס האָט גענומען געווער אין האַנט און זיך געלאָזט אין געשלעג אַקעגן די פרעמדע.

אָבער די טשוהונגענע רערן פון טויט זײַנען געווען שטאַרקער פון די הילצערנע ביקסן פון די באָקסערן, און די כינעזישע קעמפער האָבן פאַרשפּילט די קריג, און יו־סין האָט זיך אומגעקערט קיין שאַן־דון מיט צעשעדיקטע אייוורים — אַ קאַליקע.

פלעגן שוין יו־סינס דריי טעכטער באַאַרבעטן די דריי העקטאַר מיט רייז, און זײַן יונגער זון וואַן־פו האָט געפּיטערט די שאָף, און געטראָגן וואַסער פון צווישן די בערג. און ער אַליין — יו־סין — איז געזעסן שטום, ווי אַ פאַרווייטיקטער אָדלער, און פון צייט צו צייט אַ טיפן זיפץ געטאָן.

און אַז דער יונגער וואַן־פו פלעגט אים פרעגן: טאַטע, וואָס זיפצסטו? האָט יו־סין פאַריסן דעם קאָפּ און מיט פלאַמיקע שוואַרצ־אַפּלען גענומען דערציילן פון דעם שייוועט קאַ־כין און שייוועט לאָ־לאָ.

— זון מײַנער, וואַן־פו! — האָט יו־סין געזאָגט — דײַן טאַטע איז געבליבן אַ קאַליקע... אָבער דו ביסט יונג און שטאַרק. וויפל די זון וועט לויכטן, וועט ברענען דער האַס פון אונדזער פאָלק צו די פרעמדע

ריווער, וואָס האָבן באַהערשט אונדזערע שטעט, און אונדזערע דער־פער, און אונדזער ערד, און אונדזערע וואַסערן!

זון, וואַן־פו! זיי גרייט צו דערפירן דעם קאַמף, וואָס דיינע עלטערן האָבן אָנגעהויבן.

דריי סאָנים, זון, וועסטו באַגעגענען אין וועג: די ענגלישע רויבער, די כינעזישע פּריצים, און די מיסיאָנערן, וואָס זיינען געקומען פון ווייט אויפצוהענגען אַף אונדזערע העלדזער דעם קלאָץ פון זייער גאָט.

אַ טויט צו די פרעמדע רויבער!

אַ טויט צו די אייגענע פּריצים!

און אַ טויט צו די געציילעמטע שלענג, וואָס פאַרגיפטן דעם סייכל פון אונדזער קלוג פאָלק, מיט דער הייליקער בסורע אין מויל און מיט דער צווייִשאַרפיקער שווערד אונטער דער שוואַרצער פּאָלע!

זון, וואַן־פו!.. אָט דאָס זיינען די דריי!

און אַז וואַן־פו איז אויסגעוואַקסן — איז ער אַרופגעשטיגן אַף דעם העכסטן פון שאַנדונער בערג און געקוקט אַף רעכטס ביז צו פעקין, און געקוקט אַף לינקס ביז צו קאַנטאָן. און דאָס בלוט פון שייוועט לאָ־לאָ האָט אַ זינג געטאָן אין זיינע אָדערן דאָס ליד פון קאַמף און פרייהייט.

און וואַן־פו האָט געזאָגט:

— די צייט איז געקומען. מע דאַרף זיך געזעגענען מיטן טאַטן, מיט די דריי שוועסטער און מיט די בערג, און גיין אין קאַמף!

דאָרטן, רעכטס, ביז פעקין און ביז מאַנדזשוריע — שטייט דאָס כאַיעל פון דעם אייגענעם סוינע: טשאַן־דזאָ־לין.

און דאָרטן, לינקס, ביז נאַנקין און ביז קאַנטאָן, שטייט דאָס כאַיעל פון אונדזער באַפרייער: טשאַן־קאַי־שי.

האָט וואַן־פו זיך געזעגנט מיט דער היים און האָט געזאָגט: איך גיי לינקס.

און איז אַוועק.

איז יו־סין, דער קריגער מיט די צעשעדיקטע אייוורים, איבער שטיל באַגאַנגען.

און ווען וואַן־פו איז שוין געווען ווייט אַף דער שמאָלער סטע־זשקע אין טאָל, און נאָר זיין דרייסטער קאָפּ האָט זיך קוים אַרויס־געזען פון די הויכע כריזאַנטעמען — האָט יו־סין אים נאָכגעשריגן:

— זון, וואַן־פו!..

גע־דענ־ק!..

די דריי!.. די דריי!..

**2**

אַף די פעלדער פון צאָפן האָט מען געקעפּט די ארבעטער און פויערים.

און אַף די פעלדער פון דאָרעם האָט מען געזונגען:

— טשאַן־דזאָ־לין, דער גרויסער פאַרעטער!

— טשאַן־קאַי־שי, דער גרויסער באַפרייער!

אַף די פעלדער פון דאָרעם האָט דאָס אָרעמע פאָלק געיובלט. האבן קוליס געגריסט זיך. האבן פריצים פארבאָרגט זיך. און געעפנט האט מען גערטנער גערויבטע און מאַרקן פאַרצוימטע — פאַרן אָרעמען פאָלק.

פאַר די אַרבעטער.

פאַר די צווייפיסיקע לויפערס אין ריקשאַ.

און וואַן־פו האָט געשריבן צום פאָטער אַ בריוו:

— טאַטע! זאָל לעבן אונדזער רעוואָלוציע! און זאָל לעבן אונ־דזער פירער טשאַן־קאַי־שי! מיר קעמפן ווי די לייבן! און אינגיכן וועלן אונדזערע פויקן אָפּהילכן אַף די בערג פון שאַן־דון, און דו, און מיינע דריי שוועסטער וועלן אונדז קומען אקעגן מיט ווייסע ליליען, צו באַגלייטן אונדז אַף אונדזער וועג פון ניצאָכן, ביז דער גרעסטער שטאָט פון אונדזערע זיבעצן פּראָווינצן — פּעקין!

האָט יו־סין זיך געפרייט מיט דעם בריוו. זיינע אויגן האָבן גע־שפּריצט מיט מערידע און ווילן צו קאַמף. נאָר פאַרפאַלן. ער איז איצט אַ צעשעדיקטער. אַ קאַליקע. ער האָט שוין זיין כויוו אָפּגע־צאָלט. זאָל לעבן און זיגן דער יונגער וואַן־פו! און דער העלד טשאַן־קאַי־שי, דער דערלייזער פון די אָרעמע!

און יו־סין האָט געשריבן צום זון:

— וואַן־פו! ווען דו ביסט נאָך געווען גאָר יונג, האָסטו געקלע־טערט אַף דעם אַלטן בוים, וואָס וואַקסט נעבן אונדזער שטוב.

איך געדענק, ווי, איינמאָל, האָסטו געבראָכן די גראָבע צווייגן. איך האָב געטראַכט: דער בוים איז שוין אַלט און פויל. און דיין יונגע האַנט פריש און שטאַרק.

געבענטשט זאָל זיין דיין האַנט, זון, וואָס וועט אונטערהאַקן דעם פוילן בוים פון דער אלטער כינע!

אַרום אים האָבן קריכענישן געווימלט, ווערים זיך געפרוכפּערט: אונדזערע מאַנדאַרינען. ענגלישע לאָרדן. און פרעמדע גאַלאָכים.

זיי ציען כאַיונע פון דער זאַפט פון אונדזער האַרץ.

האַק אים אונטער, זון!

נייע ביימער וועט דאָס פאָלק פלאַנצן אַף אינדזער גרוי־סער ערד.

די פרוכט — דעם פאָלק!

בלייב געזונט, זון. און זיי וויסן, אַז איך וועל ניט וואַרטן, ביז איר וועט קומען צו אונדז. נאָר אַזוי ווי די טויערן פון שאַנכאַי וועלן זיך עפענען פאַר אייך — וועל איך קומען צו דיר, זון, לייגן מיין רעכטע האַנט מיט בראָכע אַף דיין מעכטיקן קלייזאַיען.

זיי געגריסט, וואַן־פו!

און געדענק:

די דריי! די דריי!

וואַן־פו האָט געלייענט דעם בריוו פאַר זיינע כאַווירים. האָבן אַלע אויסגעשריען:

— זאָל לעבן דער אלטער קריגער פון שיוועט לאָ־לאָ!

זאָל לעבן כינע די פרייע און רויטע!

— זאָל לעבן טשאַן־קאַי־שי!

3

שאַנכאַי איז געפאַלן.

זיבן טעג און זיבן נעכט האָט דאָס פאָלק געיאָנטעוועט.

נאָר טשאַן־קאַי־שי איז געלעגן אַף פורפורנע טעפּיכער, און אַף זיינע גאַיוועדיקע ברעמען האָט געריטן אַ בייזער געדאַנק.

טשאַן־קאַי־שי האָט געטראַכט:

גרויס בין איך און מעכטיק בין איך. אַף שאַנכאַי איז געפאַלן מיין לינקע האַנט און מיין רעכטע איז פאַרמאָסטן אַף פעקין!

די ערד וועט ניט באַווייזן זיך אַרומדרייען אַרום דער זון, און איך וועל שוין באַטרעטן די פּעקינער בריקן! און דאָס גאַנצע פאָלק וועט זיך בוקן פאַר מיר און קושן די זוימען פון מיין קלייד!

דאָס גאַנצע פאָלק?..

וועלכעס פאָלק?..

די קוליס?

די האָרעפּאַשניקעס?

די ווערקער?

ניין!.. ניין!..

זיי וועלן מיך ניט קרוינען... זיי וועלן שרייען אַזוי:

— די גאַנצע מאַכט דעם פאָלק!

זיי וועלן זיך גרויסן:

מיר קוליס... מיר אַרבעטער... און מיר פּויערים — האָבן דיך געפירט צום זיג! אין אונדזער ווילן און אין אונדזער בלוט איז דער ניצאָכן געקומען!

מיר וועלן קלייבן מענטשן פון פאָלק!

מיר וועלן שאַפן ראַטן!..

אַזוי ווי דאָרטן...

אינעם לאַנד פון לענינען!..

אַף די פּורפּורנע טעפּיכער האָט טשאַן-קאַי-שי זיך געוואַקלט, און אין דרויסן האָט געיאָנטעווט דאָס פאָלק.

קוליס.

טראַמפּייטן.

רויטע פאָנען.

פייערווערק.

הילכיקע רופן:

— סון-יאַט-סען און לעבין!

— אונדזערע לערערס!

וואָס באַטייט דער געפּילדער? וועמעס ווערטער פאַלן ווי יונגער דונער איבער כינעס ערד, פון עק ביז עק?

און עס קריכט טשאַן-קאַי-שי אַף אַלע פיר ביז צו די פענצטער. און קוקט מיט צאָרן אַדורך די באַמבוקענע פאָרהענגלעך:

— אַהאַ! די אַרבעטער! באַוואָפנט גייען זיי. מיט דיזעלביקע וואָפנס האָבן זיי ערשט געשלאָגן דעם סוינע אין שטאָט, ווען ער, טשאַן־קאַי־שי, איז געשטאַנען הינטער די טויערן פון שאַנכאַי. זיי האָבן פאַר אים דעם וועג דורכגעלייגט. מיט אייגענע לייבער דורכ־געלייגט. איצט שפּרייזן זיי אַף גאַסן און מאַרקן און זינגען דאָס ליד פון זייער זיג. און ווי טויזנטער וואַסערפאַלן קנאַלט דאָס אייביקע וואָרט:

— פאָלק!

— פאָלק!

— פאָלק!

און — ער — ווער איז? אַ דינער באַם פאָלק? אַ געשיקטער פון זיי?.. פון די באָרוועסע קוליס... פון די פאַרכוישעכטע אַרבעטער... פון די שווייסיקע פּויערים...

אָ, ניין!

ער וועט ניט דערלאָזן!

— העי! אָפיצירן! העי, זעלנער! שיסט אין זיי! צעטרייבט זיי! צעשיט זייערע לייבער אַף דער מיט פון די גאַסן!

— נו, גיכער! פרעגט ניט איבער! וווּנדערט אייך ניט!..

— יאָ, איך, איך, טשאַן־קאַי־שי! איך האַס זיי! ס'אַ ליגן! כ'האָב זיי קיינמאָל ניט געליבט!.. די באָרוועסע!..

— שיסן!

— ש־י־ס־ן!

4

וואַן־פו איז געשטאַנען צעמישט.

טשאַן־קאַי־שיס ווערטער האָבן געשטאָכן זיין מויעך ווי נאָדלען. ער האָט ניט געגלויבט זיינע אויערן.

שיסן אין פאָלק? וועמעס באַפעל? טשאַן־קאַי־שיס? און ווער זאָל שיסן? ער? וואַן־פו?

— וואָס טראַכסטו דאָרט? — האָט אים אַן אָפיציר אַ שטויס געטאָן. — טשאַן־קאַי־שי ווייסט וואָס ער זאָגט!

— די ביקס!

— געלאַף!

— פּאָרויס!

— שיס!

איז וואַן־פו געלאָפן.

ניט ער איז געלאָפן, נאָר עפּעס איינער... אַן אַנדערער... עפּעס לויפט דאָרט אַ פרעמדער... מיט זיינע פיס... מיט וואַן־פוס פיס... און דער פרעמדער שיסט... און מיט זיינע הענט... מיט וואַן־פוס הענט... אַף וועמען? — אַף זיינע ברידער! אַף זיינע העלדן!

— פרעמדער דו! — וויל שרייען וואַן־פו — פרעמדער דו! וואָס האָסטו זיך אַריינגעריסן אין מיין האַרצן, און פאַרצויגן אַ וואָלקן אַף מיינע גירן, און פאַרטונקלט מיינע אויגן, און גענומען שיסן מיט מיינע הענט? מיט מיינע פינגער?..

אָבער וואַן־פו שרייט ניט. ער איז ווי אין שלאָף, וויל שרייען און קען ניט... טעמפּ. דול. געפּלעפּט.

און דער אָפיציר שרייט:

— שיס, וואַן־פו, שיס!

— שטעל זיי אָפּ! באַזוך זיי!

— באָמבעס טראָגן זיי מיט זיך!

שיס, וואַן־פו, שיס!

און וואַן־פו לויפט. די ביקס פאָרויס. דער רוקן געבויגן. די שלייפן פאַרלאָפן. די פיס פּלאָנטערן זיך. זיג־זאַג, זיג־זאַג. און אַ קאָל — אַ פרעמדס, אַ ווילדס — שרייט פון אים אַרויס. קיינמאָל האָט וואַן־פו ניט געהאַט אַזאַ מין קאָל. אַ פלאַם ברענט אין זיין האַרצן. און אין פלאַם טראַסקען שפּענער. ווייסע טרוקענע שפּענער. ווייזט אויס, אַז דאָס שרייט פון אים אַרויס דאָס בינטל שפּענער. צו וועמען שרייט עס? אַהאַ... צו אַ יענעם... צו דעם אַרבעטער:

— שטיי, דו! די הענט אַרויף!

אָבער יענער בלייבט ניט שטיין. און די הענט הויבט ער ניט אויף.

פאַרקרעמפּט זיך אַ פינגער אין אויערל פון וואַן־פוס ביקס, אַ פרעמדער פינגער. אַ מין הילצערנער. אַ פּלעקל.

פאַרקרעמפּט זיך עס דאָס פּלעקל. און — טראַך. און יענער פאַלט.

— באַזוכן!

באַזוכט מען. לויפט מען ווייטער. נאָך וועמען איצט? נאָך יענעם אָט! זע נאָר, זע נאָר, ווי ער אַנטלויפט עס! ווי ער טראָגט זיך עס

אָפּ! גלײַך װי דער פּרעמדער, װאָס אין װאַן־פּוס האַרץ, װעט אים ניט גרײכן!..

— שטײ, דו!..

אַ כידעש. יענער שטײט... שטײט ער, װי צוגעצװױאָקט צו דר׳ערד. אַזױ װי ער איז געבליבן שטײן—אַזױ שטײט ער... מיטן רוקן צו אים... צו װאַן־פּו... פּאַרװאָס דרײט ער זיך ניט אױס? האַ?.. ער קען זיך דאָך טאָן אַ דרײ אױס, און, אָדער, אַ װאָרף טאָן אַ באָמבע, אָדער זיך נעמען בעטן און װײנען, אַז מע זאָל אים שענקען דאָס לעבן.

נאָר ער רירט זיך ניט אַ יענער... אַ באַיִישעװטער מענטש, װײַזט אױס... מע האָט אים געהײסן שטײן—שטײט ער... שפּעטער, אַז מע װעט אים הײסן עפּעס אַנדערש טאָן—װעט ער עפּעס אַנדערש טאָן...

צעטראָסקעט זיך אַ דאַרער שפּאָן באַ װאַן־פּו אין האַרצן:

— די הענט אַרוף!

נעמט יענער אינדערגיך און הױבט אױף די רעכטע האַנט.

שטײט דער אָפיציר און לאַכט.

— װאָס עפּעס אײן האַנט?

און װאַן־פּו רעװעט:

— בײדע הענט! בײדע, זאָגט מען דיר!

ציט אַ יענער אױס די רעכטע האַנט נאָך העכער... נאָך העכער... און שטײט װי פּאַרהילצערט... און קען ניט רײדן פון שרעק...

— זעסטו, װאַן־פּו,—זאָגט דער אָפּיציר—װײַזט אױס, אַז אין דער לינקער האַנט האַלט ער אַ באָמבע.

— בײדע הענט הױב אױף!—דונערט װאַן־פּו, מיט איבערגעקערטע, װײסע אױגן—בײדע הענט! צום לעצטן מאָל זאָג איך דיר: בײדע! בײדע! און—

טראַך!

האָט זיך צום ערשטן אַראָפּגעלאָזט די רעכטע האַנט. נאָכדעם האָבן זיך אײַנגעבױגן צװײ קני. נאָכדעם איז אַ יענער אומגעפאַלן מיט די אױגן אַף די שטײנער.

— פּאָרזיכטיק, װאַן־פּו!—האָט דער אָפיציר געשריגן און זיך אָפּגערוקט פון טױטן.

— באַקוק פּאָרזיכטיק, וואָס האָט ער דאָרט באַהאַלטן אין דער לינקער האַנט? אַ באַמבע, אַוואַדע. האַ? איאָ אַ באַמבע?

וואַן־פו האָט זיך אָנגעבויגן, איבערגעקערט דעם טויטן מיטן פּנים אַרויף, אַזוי ווי מע קערט איבער אַ געשאָכטענעם לאָם צום שינדן, און אָנגענומען דעם אַרבל פון דער לינקער האַנט. אַן אַרבל... אַ געקווייטלטער... אַ לאַנגער ברייטער אַרבל פון אַ כינעזישן מאַל־בעש... אַ הוילער אַרבל. אַ ליידיקער... קיין האַנט ניטאָ... די האַנט שוין לאַנג אָפּגעשניטן... נאָך אין טויזנט נײַנהונדערטן יאָר... ווען די באָקסערן...

5

און וואַן־פו איז אַזוי געשטאַנען איבערן טויטן. געהאַלטן דעם געקווייטלטן אַרבל אין זײַנע הילצערנע פינגער און — געשמייכלט...

— טאַטע... כע־כע... טאַטע... ביסט געקומען פון די בערג פון שאַנדון... געקומען אין שאַנכאַי — כע־כע — צו באַגריסן דעם גרויסן העלד טשאַן־קאַי־שי... וואָס קעמפט קעגן די דרײַ... וואָס באַפרייט די שקלאַפן — כע־כע...

— טאַטע...

האָבן צוויי זעלנער גענומען וואַן־פו אונטער די אָרעם און אים געפירט אין קאַזאַרמע. האָט וואַן־פו זיך נאָכגעשלעפט אַף די שפּיץ־פיס און — געשמייכלט...

אַף מאָרגן איז געקומען אַ באַפעל:
דעם מעשוגענעם וואַן־פו אָפּשיקן אַהיים.

6

אַלע נאַכט קלעטערט וואַן־פו אַרויף אַף דעם העכסטן באַרג פון שאַן־דון און קוקט אַף רעכטס ביז פּעקין... און קוקט אַף לינקס ביז שאַנכאַי...

דאָרטן טשאַן־דזאָ־לין.
דאָ טשאַן־קאַי־שי.
אַקעגן — דער יאַם מיט טשויהונגענע רערן פון טויט.
הינטן — קופּאָלס... קופּאָלס... מיט גאָלדענע צלאָמים.
די דרײַ.

שטייט וואַן־פו אַף די בערג פון שאַן־דון און שמייכלט... און שמייכלט...

און אונטן, אין טאָל פון כריזאַנטעמען — זיצן דריי פויערטעס־שוועסטער. זיצן אין שטיל און פאַרבאָרגן. און וועבן אַ פאָן פון רויטן פאָדים־זייד. און גרייטן די פאָן פאַר דער גאָענטער צייט, ווען דאָס כינעזישע פאָלק וועט אופשטיין ווי איינער אַקעגן פרעמדע פיראַטן און אייגענע פאַרעטער, און נעמען די מאַכט אין די אייגענע הענט.

וועבן דריי פויערטעס־שוועסטער אַ פאָן, אַ רויטע, פון טייערסטן זייד. קוקט וואַן־פו אַף דער פאָן מיט אַ שמייכל. פאלט זיין שמייכל אַף דעם רויטן זייד, ווי בלאַסע זון אַף לויטער פון פראָסטיקן טאָג.

דער שמייכל. דער גרויזאַמער, שרעקלעכער שמייכל.

# דאס ליד פון פאָלק אויראַט, וואס אין שטאָט או-לאַ-לאַ, אַף די בערג אַלטאַי

1

ציגעלע־מיגעלע קאָ — טע — ניי —
רויטע פּאָמעראַנצן!
אַף די זונען־בערג אַלטאַי —
סאָסנע־נאָדלען גלאַנצן.

או־אַ! או־לאַ־לאַ! —
זינגען מיר אַ ליד אַזאַ.

2

אַ ליד אַזאַ — אַלטאַיען־בערג,
רויטע פּאָמעראַנצן! —
אַז ס׳איז דער כאַן אַוועק —
גייען קינדער טאַנצן!

או־אַ! או־לאַ־לאַ! —
זינגען מיר א ליד אַזאַ.

3

אַף די זונען־בערג אַלטאַי,
איז אַ פּאָלק אויראַט פאַראַן.
איז אויראַט געוואָרן פריי,
זינט פאַריאָגט מע האָט דעם כאַן!



האָט אָויראַט אַ שטאָט אַזאַ,
הייסן הייסט זי או־לאַ־לאַ.
או־אַ! או־לאָ־לאַ! —
האָט אויראַט אַ שטאָט אַזאַ.

4

כאַנען האָבן שוואַרצע בערד,
הערצ'ער קיזל־האַרטע.
אויראַטן האָבן פלינקע פערד,
שווערדן אין די גאַרטלען.

או־אַ! או־אַ!
אַ געשלעג אין או־לאַ־לאַ!

5

כאַנען האָבן ברעמען — גראָב;
בײַכער, ווי די פעסער.
אויראַטן האָבן שטאָלצן קאָפּ,
זאָטל, שטריק און מעסער.

או־אַ! או־אַ!
אַ געשלעג אין או־לאַ־לאַ!

6

אוי, פאַרביטערט איז געשלעג! —
כאַנען — שטאַרק און פעסטע!
מיטן ברייטן, ווייטן וועג —
קומען רויטע געסט אָן!

אוי, ציגעלע־מיגעלע קא — טע — ניי —
פּאָמעראַנצן רויטע!
אין די פעלדן פון אַלטאַי,
פאַלן כאַנען טויטע!

7

שוין געענדיקט דאָס געשלעג;
אין שייד — צוריק די שווערדן!
קומען אָן אַרבעטס־טעג,
אין וועלדער און אויף ערדן.

און אַז געשלעג איז שוין צו ענד,
און אַז אין שייד — געווערן,
איז אונטער סאָסנעס הענט־אין־הענט,
טאַנצן פּיאָנערן!

8

ציגעלע־מיגעלע קאָ — טע — ניי —
פעסטער, קינדער, האַנט־אין־האַנט!
אינעם גרויסן ראַטנלאַנד —
אַלע פעלקער זיינען פריי!

9

או־אַ! או־אַ!
פריי אויראַט! און פריי אַלטאַי!
און פריי אויף אייביק או־לאַ־לאַ!
ציגעלע־מיגעלע קאָ־טע־ניי —
זינגען מיר אַ ליד אַזאַ!

# דאס לעניו-בלימל

(קינדער - לעגענדע)

1

לעניו איז געשטאָרבן.

אין יענעם טאָג איז געווען אַ שטאַרקער פראָסט. דער גוטינקער זיידע - ווינטער האָט געכליפּעט אין זיין ווייסער באָרד אַריין. געשטאַנען דעם גאַנצן טאָג אַף די פיס. געפרעסט ווייסע ליילעכער און זיי געשפּרייט פאַר די טריט פון די פאַרטרויערטע מענטשן. אַלע וועגן און סטעזשקעס זיינען דעם טאָג געווען ווייס. ווייל אין ווייסן איז פאַראַן מער אומעט און טרויער.

דער גוטער זיידע - ווינטער האָט געכומען לענינס לעצטן אָטעם, און אים באַהאַלטן ערגעץ ווייט - ווייט, אין אַ וווּנדערלעך פעלד, אונטער אַ בערגעלע שניי. נאָכדעם האָט ער אָנגעשפּאַרט זיין קאָפּ אַף לענינס מאַוזאָליי און געשוויגן, און געשוויגן. ווייל אין שווייגן איז פאַראַן מער אומעט און טרויער.

און פון לענינס לעצטן אָטעם, האָט אויסגעשפּראָצט אַ בלימעלע אַזאַ. גיטאָ מערער אַזעלכע בלימעלעך אף דער גאָרער וועלט. ניט געווען. און ס'וועט ניט זיין.

איז זיך דאָס בלימעלע געלעגן אונטערן בערגעלע שניי און זיך געוואַרעמט, ווי אונטער ווייסינקע, וואַרעמע פעדערלעך.

איז אַוועק אַ וואָך, און אַ וואָך. און נאָך וואָכן, ביזוואַנען ס'איז געקומען דאָס פרי - יאָר.

איז געקומען דאָס פרי - יאָר צום ווייסן גוטן זיידן און געזאָגט:

— זיידע, ווייסינקער!

עפן מיר אוף דיינע קרישטאָלענע טויערן און לאָז מיך אַריין.

זע: איך טראָג שוין אַ קוישל מיט גרעזעלעך און אַ קרענצל מיט שטראַלן.

האָט דער זיידע געענטפערט:

— ניין, פרי־יאָר גריניבקער! איך לאָז דיך ניט אַריין.

— פאַרוואָס, זיידע ליבענקער, לאָזטו מיך ניט אריין? זע: די פויערים שלייפן שוין זייערע אַקערמעסערס, און פולן שוין אָן זייערע טאָרבעלעך מיט זוימען. מע דאַרף די ערד דערוועקן. די אויסגלעטן און אויסקושן. לאָקן ווייצענע איר פלעכטן. מיט גרינע טעשמעלעך באַצירן. מיט קאַרש־קאַרעלעכלעך באַהענגען. לאָז אַריין, זיידע, לאָז אַריין!

— פרי־יאָר גריניבקער! אין ווייטן וואונדערפעלד שטייט אַ בערגעלע מיט שניי.

דאַרף עס שטיין!
דאַרף עס שטיין!
עך! העי!
בערגעלע מיט שניי!

האָבן ביימער די צווייגן פאַרבראָכן, ווי מאַמעס אומגליקלעכע. און פרי־יאָר — געוויינט.

האָט דער גוטער זיידע באַקומען ראַכמאָנעס אַף פרי־יאָר און אַף די בוימער, און אַף די פויערים, וואָס שלייפן שוין זייערע אַקערמעסערס.

האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— נו, גוט. נו, גוט. ניט געוויינט! שווער מיר צו, אַז דו וועסט טאָן דאָס, וואָס איך וועל דיך בעטן — לאָז איך דיך אַריין.

האָט פרי־יאָר געזאָגט:

— אָט איך שווער דיר, זיידע,
באַ דעם בלויען שימער,
און באַם טיפן הימל,
און באַ גרינע בייטן,
און באַ פערלען טוי,
אַז כ׳וועל טאָן אַזוי,
אָט אַזוי און אָט אַזוי,
ווי דו וועסט מיך בעטן!

האָט דער זיידע א גלעט געטאָן די ווייסע באָרד און געזאָגט:

— פון מיזרעך זיבן שפאַן,
פון מאַירעוו זיבן שפאַן,
פון צאָפן זיבן שפאַן.
פון דאָרעם זיבן שפאַן, —
איז אַ פעלד פאַראַן,
אַ וווּנדערפעלד אַזאַ;
און אינמיטן פעלד,
אַ בערגעלע מיט שניי,
און אונטער בערגעלע מיט שניי,
אַ בלימעלע אַזאַ,
אַן אײנציקס אין דער וועלט.

— אַ בלימעלע? — האָט פרי־יאָר זיך דערפרייט. — ווי הייסט עס, זיידע?

— דאָס לעניןֿ־בלימעלע.

— און פאַר וועמען?

— פאַר די קליינע קינדער וועגן.

דאָ האָט דער זיידע זיך אויסגעווישט א טרער. געשוויגן אַ ווײַל. און דערנאָך דערציילט:

— אַף מיינע הענט איז לעניו געשטאָרבן. האָב איך אליין געהערט די לעצטע ווערטער, וואָס זיין האַרץ האָט אויסגעקלאַפּט:

די קינדערלעך... די אָקטיאַבערלעך... די פּיאָנערן...

האָב איך זיין לעצטן אָטעם גענומען און באַהאַלטן אונטערן בערגעלע מיט שניי. איז אוועק אַ וואָך און א וואָך און נאָך וואָכן — און אַ בלימעלע האָט אויסגעשפּראָצט... שווער זשע מיר צו, פרי־יאָר, אַז דו וועסט עס היטן... ווי אַן אויג אין קאָפּ...

ס׳איז דאָס לעניןֿ־בלימעלע. פאַר די קליינע קינדער וועגן.

האָט פרי־יאָר אויסגעהערט דעם זיידנס רייד און געזאָגט:

— אָט איך שווער, אָט אַזוי:
באַ דעם רויט, באַ דעם בלוי,
באַ דעם ראָז, באַ דעם גרין,

באַ דער שוואַלב, באַ דער בין,
באַ דער קאַרש, באַ דעם צוויט,
באַ דעם מאַי —
מאַי־מאַי־מאַי,
אז דאָס לענין־בלימעלע,
זיין וועט אָפּגעהיט,
אָפּגעהיט און אופגעבליט,
טריי און ביי און פריי,
טריי־ביי־פריי,
טריי־ביי־פריי!

האָט דער זיידע געענטפערט צום גראַם:
— האַלעוואַי!
און —
גענומען זיין בינטל מיט אייזיקע שליסלען, וואָס זיינען געווען צעהאַנגען אונטער אַלע דעכער, און ברייט צעעפנט די קרישטאָלענע טויערן, און אַריינגעלאָזט דעם פרי־יאָר, און די זון, און דעם אַפּריל, און דאָס ערשטע שמעטערלינגל, וואָס אַף דייטש הייסט עס „שמע־טערלינגל", און אַף רוסיש „באַבאָטשקאַ" און אַף יידיש הייסט עס פּשוט:
זומערפייגעלע.

2

איז געוואָרן וואַרעם.
האָט זיך די ערד מעכאַיע געווען.
און פרי־יאָר האָט זיך צעטאַנצט איבער די בערג און איבער די פעלדער און סעדער, און האָט געזונגען דאָס ליד פון זון און גראָז און לויטערקייט.
נאָר ניט פאַרזינגען זיך האָט פרי־יאָר און האָט זיך ניט פאַרטאַנצט.
ער האָט גוט געדענקט זיין שוווּע וועגן לענין־בלימעלע.
איז ער באַלד אַוועק אין וויטן וווּנדערפעלד אריין. אָפּגעציילט זיבן שפּאַן פון מיזרעך און פון מאַירעוו און פון צאָפן און פון דאָרעם, און געפונען דאָס בערגעלע מיט שניי.

און ווי ער האָט געפונען דאס בערגעלע מיט שניי, האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן דערויף אַ באַקעטער און אַ וואַרעמער, און גענומען קײקלען זיך גיך־גיך, אָט אַהין, אָט אַהער.

האָט זיך דאָס שניי־בערגעלע דערשראָקן. פאַר פאַכעד צעגאַנגען געוואָרן און אַנטלאָפן אין דער ווייטער וועלט אַריין.

און, אַז פרי־יאָר האָט דערזען דאס דרימלדיקע בלימעלע — איז ער געבליבן פאַרגאַפט. אַזאַ שײן בלימעלע האָט פרי־יאָר נאָך קיינמאָל ניט געזען.

האָט ער, שטיל־שטיל, אַף די שפּיץ־פינגער זיך צוגעשאַרט צום בלימעלע; אַ קוש געטאָן אין רויטן קעפּעלע, און אַרײַנגעפּליסטערט אינעם אויערל:

— בלימעלע־בלימל, לענין־בלימל —
טראַ־לאַ־לאַ!
איבער דײַן קעפּעלע בלוי איז דער הימל —
כאַפּ דיך שוין, בלימעלע, אויף פון דײַן דרימל —
טראַ־לאַ־לאַ.
טראַ־לאַ־לאַ.

האָט דאָס בלימעלע אופגעעפנט די אייגעלעך, זיך אַרומגעקוקט און געפרעגט:

— און ווו זײַנען די קינדערלעך? איך וויל צו די קינדערלעך. פיר מיך צו זיי.

האָט פרי־יאָר גענומען דאָס בלימעלע אַף זײַנע פליגל. זיך אופגעהויבן העט־הויך, העט־הויך. געפלויגן אַ טאָג. געפלויגן אַ נאַכט. ביז מ׳איז געקומען אין איינעם אַ לאַנד, אין איינער אַ שטאָט, אַף איינער אַ גאַס.

3

אזוי איז דער פרי־יאָר אַרומגעפלויגן מיט בלימעלען איבער גאָרער וועלט. און ווו נאָר קינדערלעך פאַראַן, האָט פרי־יאָר אין זייערע הערצעלעך זוימען פאַרזייעט. זוימען פון דעם לענין־בלימעלע.

און אז מ׳איז געקומען צווישן אָרעמע פאַרהאָרעוועטע קינדער־לעך — האָט בלימעלע זיי געטרייסט, און געזונגען פאַר זיי:

כ׳בין דאָס בלימעלע פֿאַר קינדערלעך,
פאַרשמאַכטע באַ די טויערן,
פאַרפרוירן צווישן מויערן;
קינדערלעך, וואָס טראָגן מיך —
וואַקסן אויס גיבוירים!

כ׳בין דאָס בלימעלע פון גלויבן.
אין קאַמף און אין ניצאָכן! —
קינדערלעך, וואָס טראָגן מיך —
צעברעכן פרעמדע יאָכן!

און אַז מ׳איז שוין אויסגעפלויגן די גאַנצע וועלט, האָט פרי־יאָר געזאָגט:

— נו, איצט, בלימל, צוריק אהיים!

4

איז מען געקומען צוריק אַהיים, און מ׳האט זיך אָפּגעשטעלט צופוסנס פון א באַרג.

און פרי־יאָר איז שוין געווען מיד פון אַזויפיל אַרומפליען, איז ער אַנשלאָפן געוואָרן אַף די שפּיצן ביימער, נעבן טייך, וואָס האט זיך געזילבערט אַרום דער גרויסער שטאָט.



נאָר בלימעלע איז ניט געווען מיד און האָט ניט געוואָלט שלאָפן. איז עס אַרוף אפן הויכן באַרג און אַפן גרינעם גראָז און האט באטראַכט די שטאָט.

— ווי אַזוי הייסט די שטאָט? — האָט בלימעלע געפרעגט באַם באַרג.

נאָר דער באַרג איז געווען א שטומער און האט ניט געקאָנט ענטפערן. אַמאָל האט דער באַרג יאָ געקאָנט ריידן אַף דער בלומען־שפראַך, נאָר פון זינט מ׳האט אף

זיין נאַקן אויסגעבויעט אַ שווערן קלויסטער, מיט א גראָבן בויך און מיט א גרויסן פוסטן קאָפּ — איז דער באַרג פּאר ווייטיק שטום געוואָרן.

נאָר־אָט!..

סקאָצל קומט! דריי געסט דרייען זיך אַרום באַם ברעג פונעם טייך.

איין גאַסט איז אַ שאָף.

און דער צווייטער גאַסט איז א בין.

און דער דריטער גאַסט איז א זשאַבע.

און אַלע דריי קוקן אין זילבערנעם טייך און שפּיגלען זיך.

נאָר דאָס טייכל איז בייז:

— ווי לאַנג איז דער שיר זיך צו שפּיגלען? געהערט אַן איינפאַל פון אַ שאָף און א בין און אַ זשאַבע! ראַק מע שטייט און מע שפּיגלט זיך! איז ווייסט איר וואָס, שאָף־בין־זשאַבע? אַז איר וועט מיר טרעפן א רעטעניש, איז וועל איך אייך לאָזן זיך שפּיגלען אין מיר, ביז די זון וועט אונטערגיין!

— פרעג, וועלן מיר הערן.

— ווייניק איז הערן, —
מע דאַרף נאָך קלערן!

— איז פרעג וועלן מיר קלערן!

האָט טייכל געפרעגט:

— ניט קיין האָלץ, ניט פּאַפּיר,
נאָר פון וואַסער, צי פון גלאָז.
לאַכסט פון מיר; כ׳לאַך פון דיר;
האָסט א נאָז; כ׳האָב אַ נאָז!
ביסט מיט מיר — ביסטו צוויי;
קלער זשע, טראַכט זשע און פאַרשטיי —
וואָס און וואָס און וואָס?

זיינען אַלע דריי אַוועקגעגאַנגען אין אַ זייט און מ׳האָט זיך גענומען טראַכטן. די שאָף האָט אראָפּגעלאָזט איר אונטערשטע ליפּ; די בין האָט געדרייט אירע דינע וואָנצעלעך, און די זשאַבע האָט זיך געקראַצט מיטן לאַנגן פיסל. האָט מען געטראַכט און געטראַכט און זיך צוגאָרניט דערטראַכט.

קומט צו בלימעלע און זאגט:

— גוטמאָרגן, כאַווערימלעך!

— גוטמאָרגן, גוט יאר.

— זאגט מיר, איך בעט אייך, ווי אַזוי הייסט דידאָזיקע גרויסע און שיינע שטאָט?

— דידאזיקע גרויסע און שיינע שטאָט הייסט פונקט אזוי, ווי דערדאָזיקער טייך, וואָס האט אונדז א רעטעניש געפרעגט.

— איז ווי אַזוי זשע הייסט דער טייך?

— דער טייך? דער טייך הייסט פונקט ווי די שטאָט.

איז ווי אזוי זשע הייסט די שטאָט?

— אַז וועסט העלפן טרעפן דאס רעטעניש — זאגן מיר אויס דעם נאָמען פון שטאָט.

— פרעגט, וועל איך הערן.

— ווייניק איז הערן, —

מע דאַרף נאָך קלערן!

— איז פרעגט, וועל איך קלערן!

— ניט קיין האָלץ, ניט פאַפיר;
נאָר פון וואַסער, צי פון גלאָז.
לאַכסט פון מיר; כ'לאַך פון דיר;
האסט אַ נאָז; כ'האָב אַ נאָז!
ביסט מיט מיר — ביסטו צוויי;
קלער זשע, טראַכט זשע און פאַרשטיי —
וואָס און וואס און וואס?

— אויך מיר אַ רעטעניש! — האָט דאָס בלימעלע זיך צעלאַכט.

ביזט קיין שאָף ניט, נאָר אַ ציגל!
ביסט קיין ביך ניט, נאָר אַ פלוי!
און דער זשאַבע — קייען שטרוי!
ווייל נאַראָנים אַלע דריי!
ס'איז דאָס רעטעניש — אַ שפיגל!
שפיגל־שפיגל, שפאָגל־ניי!

— טאַקע! טאַקע! אַ שפּיגל! — האָבן זיך אַלע דריי דערפרייט. און אַלע דריי האָבן זיך באַלד גענומען אויסזאָגן בלימעלען דעם נאָמען פון דער שטאָט.

די שאָף האט אָנגעהויבן צו מעקען:

— מאָ־אָ! מאָ־אָ!

דאס ביבעלע האט אָנגעהויבן צו זשומען:

— ס־ס־ס־ס!

און די זשאַבע האָט אנגעהויבן צו קוואַקן:

— קוואַ־קוואַ!

קוואַ־קוואַ!

האָט בלימעלע באַלד פאַרשטאַנען:

— מאָ —

ס —

קוואַ!

מאָסקוואַ!

5

און פרי־יאָר האט אלץ געדרימלט אַף די שפּיצן פון די ביימער. בלימעלע האט אים געוועקט און ער האט געדרימלט.

— וועק ניט דעם פרי־יאר! — האבן די ביימער געשושקעט. — אַזוי וועט ער שוין שלאָפן גאַנצע ניין כאַדאשים.

איז בלימעלע ניט געוואָרן איבערגעראַשט. נישקאָשע! עס וועט שוין אַליין קומען אין שטאָט אַריין. עס ווייסט אַליין שוין אַלע וועגן. ס'האט שוין פאר קיינעם ניט מוירע. שטאַרקע וואָרצלען האָט עס שוין און א גערוך א אייביקן!

און אין שטאָט האָט בלימעלע אופגעזוכט די אקטיאַבערלעך און פּיאָנערן און זיי אַ גרוס איבערגעגעבן.

— אַ גרוס אייך פון די קינדערלעך,
פאַרשמאַכטע בא די טויערן,
פאַרפרוירן צווישן מויערן;
זיי טראָגן מיך אַף גאָרער וועלט,
און וואַקסן אויס גיבוירים!

כ׳בין דאס בלימעלע פון גלויבן,
אין קאַמף און אין ניצאָכן! —
קינדערלעך, וואָס טראגן מיך —
צעבּרעכן פרעמדע יאָכן!

6

פאַראַן אף דער וועלט אַזויפיל בלימעלעך. רייסט מען זיי אפ און מע טראגט זיי אַפן האַרצן. ווערן זיי פארוועלקט און פאַלן ארונטער.
נאר איין בלימעלע איז פאַראַן אף דער וועלט, וואס קיינער קאן עס ניט אָפּרייסן, און קיינמאל ווערט עס ניט פאַרוועלקט.
טראָגן עס קינדער — ניט אַפן האַרצן,
נאר טיף אין האַרצן!
דאָס איז דאָס לענין־בלימעלע. פאַר די קליינע קינדער וועגן.

# ברידערלעך

1

אַ נאָמען געגעבן האָט מען אים: עלעקטראָן; נאָר טאַטע-מאַמע האָבן אים פֿאַרצויגן, איז געבליבן פֿון עלעקטראָן: עלעק.

איז עלעק איצט אַ יאַטל פֿון אַ יאָר זיבן, אַן אָקטיאַבערל.

עלעקס מאַמע איז אַ קרומע אַף אַ פֿוס. קרום געוואָרן פֿון אַ קויל, וואָס האָט זי געטראָפֿן אין דער צייט פֿון בירגער-קריג.

נאָר עלעק האָט ליב זיין קרומע מאַמע. און האָט ליב אויסצו-הערן די מאַיסעלעך פֿון יענע טעג.

— דערצייל, מאַמע, דערצייל, ווי אַזוי איז געווען?

און די מאַמע הויבט אָן דערציילן:

— געווען... אָט ווי געווען. טאַטע — אַ רויטגוואַרדייער. ערגעץ, ווייט, אין קאַמף קעגן די ווייסע. די מאַמע — אַליין. נאָר מיט דיין עלטערן ברודערל, שימקעלע. און שימקעלע אַ קליין ייִנגעלע. פֿינעף יאָר אינגאַנצן.

הונגעריק — מאַמע. הונגעריק — שימקעלע. דאָס ברודערל דיינס.

— מיין ברודערל? — פֿרעגט עלעק, שטייענדיק אַף די קני, אָנ-געשפּאַרט מיט די עלנבויגנס אין מאַמעס שויס.

— דיין ברודערל — יאָ... ענטפֿערט די מאַמע און טוליעט עלעקן צום האַרצן און שווייגט.

וויל עלעק וויסן, פֿאַרוואָס שווייגט די מאַמע; פֿאַרוואָס טרייסלט זי מיט די אַקסלען?

די מאַמע וויינט.

— דערצייל, מאַמע, — רעדט עלעק צו דער מוטער.

— דער טאַטע וועט קומען פֿון זאַוואָד — וועט ער דערציילן.

דודיק — אַ וועדקער, מיט צוויי פֿאַרהאַרטעוועטע דלאָניעס — עלעקס טאַטע — קומט אַהיים פֿון זאַוואָד.

עסט ער צום ערשטן אָפּ. דערנאָך פאַרויכערט ער. דערנאָך נעמט ער עלעקן אַף די קני, און העצקעט אים, און העצקעט אים, ביז מע צעזינגט זיך אלע אינײנעם:

איז געגאנגען אַ באַבעצע אין וואלד מיט אַ קערבל,
שפּענדעלעך קלויבן,
שפּענדעלעך קלויבן, —
האָט זי באַגעגנט אַ קלײן פּיאָנערל,
מיט אַ קרענצעלע טרויבן,
קרענצעלע טרויבן...

אָבער עלעק וויל וויסן דעם סאָף פון דער מאַיסע, וואָס די מאמע האָט אים אָנגעהויבן דערצײלן...

הערט מען אוף זינגען. און דודיק, דער ווערקער מיט די צווײ שטײפע הענט, דערצײלט:

— איז געקומען דער הונגער. זאָגט די מאמע צו שימקעלען:

— שימקעלע! קום צו דער אלטער באַבע. באבע האָט אַ הינדעלע. הינ־דעלע לײגט אַן אײעלע. באבע וועט געבן שימקעלען אַ שטיקעלע געלעכל.

גײט מאַמע מיט שימקעלען צו באבען. גײט מען אַזוי איבער גאסן. לויפן אַן די װײסע. און טראַך אַזוי אַף די גאסן. און טראַך טאַ־ראַ־ראַך! און בראָם־דערע־דאָם!..

זאָגט מאמע:

— שימקעלע, ווו ביסטו? לאָמיר אַנטלויפן! ס'איז די װײסע!

אָבער מאמע קען שוין ניט אַנטלויפן. מאמע איז געפאַלן. אַ קויל אין פוס. בלײבט מאמע ליגן אַזוי אינמיטן גאס. מיט נאָך געפאלענע. מיט נאָך... מיט נאָך...

און ווען מאמע האָט זיך אופגעכאפּט — איז זי שוין געווען אין שפּיטאָל. און שימקעלע ניטאָ נעבן איר. איז מאמע געלעגן און גע־וויינט: אווו איז שימקעלע?..

אָבער שימקעלע — ניטאָ.

און אַז מאמע איז אַראָפּ פון בעט — האָט זי גענומען אַ שטעקן, און זיך געלאָזט הינקען אַהײם.

אָבער אינדר'הײם אויך ניטאָ שימקעלע.

איז — זיך געלאָזט הינקען צו באבען.

אָבער באַבע איז שוין אויך ניטאָ. און הינדעלע אויך ניטאָ...
ביידע פון הונגער געשטאָרבן.
און — אויס.
און אַז טאַטע איז געקומען אהיים פון דער רויטער אַרמיי, און געטראָפן די מאמע אַ קראַנקע, און שימקעלע—ניטאָ, האָט טאַטע געזאָגט צו דער מאמען אַזוי: קום וועלן מיר אַוועקפאָרן אין דער גרויסער שטאָט. וועל איך אריין אין אַ זאַוואָד, און דו, אַז דו וועסט געזונט ווערן— וועסטו אַריין אין אַ פאַבריק. ווען מיר בויען איינעם דאָס כאָרעווע לאנד. ווען מיר זיך טרייסטן מיט דער באפרייטער אַרבעט פאַר אונדז און פאַר אַלעמען.
זיינען מיר געקומען אהער.
אַרבעט טאַטע אין זאַוואָד. נאָר מאַמע אין פאבריק קען נאָך ניט אַרבעטן, ווייל ס'טוט וויי דער פוס.
נאָר זינגען — זינגען מיר אַלע אײנײנעם:

איז געגאַנגען אַ באַביצע אין וואַלד מיט אַ קערבל,
שפּענדעלעך קלויבן,
שפּענדעלעך קלויבן, —
האָט זי באַגעגנט אַ קליין פּיאָנערל,
מיט אַ קרענצעלע טרויבן,
קרענצעלע טרויבן...

2

און דערווייל האָט זיך דערנעענטערט דער אָקטיאַבער־יאָנטעוו.
האָט זיך געגרייט דאָס גאַנצע לאנד. שטעט און דערפער און דערפלעך.
פון צאָפנדיקן אָקעאַן ביזן שוואַרצן יאַם. פון די טונדרעס ביזן טייכל, וואָס רופט זיך: באַלכאַש.
און די פּיאָנערן און אָקטיאַבערלעך האָבן זיך אויך געגרייט.
און דער גוירל איז געפאַלן אַף עלעקן...
עלעק דאַרף באַגריסן דעם גרויסן יאָנטעוו אין נאָמען פון די אָקטיאַבערלעך, ווייל, ער, עלעק, איז דאָך דער סעקרעטאַר פון אָטריאַד!

נו, איז וואָס?!

עלעק שרעקט זיך ניט! אַז דער אָטריאַד הייסט — מוז מען פּאָלגן! וואָס? עלעק קען קיין מויל ניט עפענען? נישקאָשע! ער וועט שוין באַגריסן!

— און ווער וועט באַגריסן אין נאָמען פון די פּיאָנערן?

— פון די פּיאָנערן וועט באַגריסן: זאַיטשיק!

3

זאַיטשיק.

אַ צוועלפיאָריקער פּריילעכער יאַט. אַ געוועזענער פּאַרוואָרלאָזטער. זיך געוואַלגערט אין קעסלען פון פּעך. צווישן רישטאָוואַניעס. הינטער טויערן. געטראָגן אַ לאַנגן, צעפליקטן ראָק, מיט אָפּגעשיילטע, וואַטענע אַרבל.

זאַיטשיק...

אָבער זאַיטשיק איז ניט געבליבן קיין גאַסן־יאַט.

זאַיטשיק האָט גוט געדענקט זיינע עלטערן. ער האָט געבענקט נאָך זיי. ער האָט געזוכט ערגעץ אַ ווינקל, ווו צוצוטוליען זיך. ווו כאַוערן זיך. ווו אויסדערציילן דאָס האַרץ. ווו לייענען און שרייבן. און באָדן זיך. און מאַכן פיזקולטור. און זינגען פּיאָנערישע לידער.

אוי, האָט זאַיטשיק ליב געהאַט דידאָזיקע לידער!

אוי, האָט זאַיטשיק געוואָלט ווערן אַ פּיאָנער!

און אַז מע וויל — ווערט מען!

צוואַנציק שטיבער דאַרף מען אָפּגיין אַף דער גאַס פון ערשטן מאַי, קומט מען צו צו אַ קליין גערטנדל. ערשט נעכטן איז דאָ געשטאַנען אַ קלויסטער. אַ האָרבאַטער קלויסטער אַזאַ, מיט טונקעלע פענצטער־לעכער. האָט מען דעם קלויסטער צעוואַלגערט און אַף זיין אָרט איינגעפלאַנצט ביימעלעך און קוויטן. און בענק אויסגעשטעלט פאַר מידע מענטשן. און זאַמד אָנגעשאָטן פאַר קליינע קינדער, אַז זיי זאָלן זיך שפּילן מיט רידלען און קערבלעך, און פּלאַפּלען צו זיך אליין אין דער זוניקער ברייטקייט אריין.

גייט מען אָפּ נאָך צוואַנציק שטיבער, קומט מען צו צו די טויערן פון ערשטן מאַי. דאָרטן דאַרף מען איבערגיין די גאַס. דאַרף מען קוקן אַף אלע זייטן. ווייל דאָרטן קרייצן זיך איבער פיל טראַמוואַיען.

און ס'טראגן זיך שערענגעס מיט אַוטאָמאָבילן. און עס סקריפּן שווערע לאַסט־וועגן. און ס'יאָגן גלאַנציקע פערד:

טליפּ-טלאָפּ... טליפּ־טלאָפּ!..

גייט מען אַביסעלע ווייטער — קומט מען שוין צו צום גרויסן, ברייטן הויף. דאָרטן איז אַ שול. לערנען דאָרט הונדערטער פּיאָנערן און אָקטיאַברלעך.

דאָרטן שטעלט זיך זאַיטשיק אָפּ.

און ווי זאַיטשיק קומט נאָר אַריין אין גרויסן ברייטן הויף — לויפן אים אַקעגן כאַוויירים און כאַווערטעס, נעמען אים אַריין אין דער מיט, און אלע איניינעם געשפּילט זיך, און אלע איניינעם געזונגען.

אלע קענען זאַיטשיקן. אלע האָבן אים ליב.

— אוי, קינדער, וואָלט איך וועלן ווערן א פּיאָנער!..

נעמען זיך קינדער צונויף אין אָטריאַד. האַלט מען אָפּ אַ באַראַטונג, און מע זאָגט:

זאַיטשיק איז ניט פון יענע פּאַרוואָרלאָזטע, וואָס ווילן לעבן אַף הפקער. זאַיטשיק איז אַן אונדזעריקער! זאַיטשיק זאָגט קיינמאָל ניט קיין ליגן! ער קומט אלע טאָג אין אָטריאַד. ער וויל ווערן אַ פּיאָנער. איז דערפאַר נעמען מיר אים אריין. און פון הייגט אָן און ווייטער — איז זאַיטשיק אַ פּיאָנער מיט אלע פּיאָנערן צוגלייך.

נאָר פּיאָנערן דאַרפן דאָך זיך לערנען. איז דאַרף מען בעטן די לערערס פון שול, אַז זאַיטשיק זאָל אויך ווערן אַ שילער.

זייבען קינדער אַוועק צום פאַרוואַלטער פון שול.

האָט זיי דער פאַרוואַלטער אויסגעהערט מיט אַ ליבלעכן שמייכל, און געענטפערט:

— יאָ, אַ גוטער אופּטו.

איז געוואָרן א פרייד צווישן די יאַטן! אַזאַ פרייד, אַז מיקושע און סענקע און עלעק, די דריי קלענסטע פון שול, האָבן זיך ניט געקענט איינהאַלטן און דריי מאָל זיך איבערגעקייקלט אין גראָז.

איז ווער קען דען באַשרייבן דאָס גליק פון זאַיטשיקן, ווען ער האָט זיך צום ערשטן מאָל געזעצט אַף דער שול־באַנק!

און ווער קען דען באַשרייבן דעם פּלייס פון דעם יאָט צום לערנען!
און איצט—
צום יאָנטעוו פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, איז געפאַלן דער גוירל אַף זאַיטשיקן צו באַגריסן אין נאָמען פון זיין אָטריאַד.

4

און דער טאָג איז געקומען.
דער קלוב איז געווען באַצירט. אויגן האָבן געשטראַלט. לענין האָט ווי לעבעדיק אַראָפּגעקוקט צו די קינדער מיט אַ ליבלעכן שמייכל.
אין די פאָדערשטע רייען איז געזעסן דאָס יונגוואַרג. און הינטן— טאַטעס און מאַמעס, אַרבעטער־עלטערן.
נאָך אייניקע רעגעס און עס וועט זיך אָנהויבן...
קלאַפּט עלעקס הערצל...
און זאַיטשיקס אויך...
ערגעץ טיף־טיף, אין די הערצער, אין אַ ווינקעלע, איז עפּעס אַזוי הייס... אַזוי צאַפּלדיק... אַ רויט פּינטעלע גליט און ציפּט...
— שרעק זיך ניט עלעקטראָן!..— זאָגט דאָס רויטע פּינטעלע.. זיי גרייט!
— שטענדיק גרייט!— ענטפערט עלעק דעם רויטן פּינטעלע...
נאָך אייניקע רעגעס און עס וועט זיך אָנהויבן...
און—
ענדלעך!
דער פאָרהאַנג עפנט זיך. דער פאָרזיצער זאָגט:
— צום ערשטן וועלן פאָרקומען באַגריסונגען. נאָכדעם אַ קאָנצערט. נאָכדעם נומערן פון פיזקולטור. און נאָכדעם וועלן אַלע קינדער מאַכן אַ שפּאַציר איבער דער שטאָט אין פּראַכט־אַוטאָמאָבילן.
די ערשטע באַגריסונג וועט האַלטן דאָס קינד עלעקטראָן. דאָס קלענסטע אָקטיאַבערל פון שול.
אַף דער בינע באַווייזט זיך עלעק. אין קלוב דונערט אַ פּאַטשעריי.
אין עלעקס מויל ווערט וואַסערדיק. שלינגט ער אַראָפּ... און שלינגט נאָכאַמאָל אַראָפּ, און באַרויקט זיך...

אין קלוב ווערט שטיל. צווישן די עלטערן זיצט אויך דודיק. קוקט אַזוי דודיק אַף עלעקן און טראַכט:

מיין יאַטל... קוקט עס נאָר אָן... יינגעלע־פינגערל... איצט... היינט... איז ער דען מיינער?.. ניין!.. איצט איז ער אַלעמענס... עלעק איז היינט דעם לאַנדס... דעם פאָלקס...

אָבער דאָך איז דודיק גליקלעך. און גרויס איז זיין פרייד. און אים טוט וויי, וואָס די מאמע איז שוואַך, און דער פוס איז קראַנק, און זי האָט ניט געקענט קומען זען זייער עלעקן, וואָס איז היינט ניט זייערער...

— ששש...

אַ העל שטימעלע האָט זיך מיט אַ זילבער־קלאַנג צעטראָגן איבערן גאַנצן קלוב:

— כאַווײרים... איך באַגריס אייך אין גרויסן טאָג פון אָקטיאַ־בער־יובילײ... מיר זאָגן צו, אַז מיר וועלן זיך גרייטן איבערנעמען די אַרבעט פון אונדזערע טאַטעס... מיר זאָגן צו, אַז מיר וועלן די־דאָזיקע אַרבעט טאָן געטריי... מיר זיינען שטענדיק גרייט צו גיין אין וועג, וואָס אונדז האָט געוויזן דער זיידע איליטש!.. זאָל לעבן דער גרויסער אָקטיאַבער־יאָנטעוו... און די רעוואָלוציאָנערע קינ־דער פון כינע און פון דער גאַנצער וועלט!..

אַ שטורעם פון פרייד האָט זיך אַרויסגעריסן פון אַלעמענס הער־צער. דער גאַנצער אוילעם איז געשטאַנען אַף די פיס און געפּאַטשט און געשריגן:

— עלעק!

— עלעק!

— עלעק!

און אַז ס'איז שטיל געוואָרן, האָט דער פּאָרזיצער געזאָגט:

— אין נאָמען פון די פּיאָנערן וועט באַגריסן — זאַיטשיק.

5

און זאַיטשיק האָט אָנגעהויבן ריידן.

ער האָט גערעדט פון אַ יונגן לעבן, וואָס איז ניט צעבראָכן גע־וואָרן, ווי אַ ברודיק רינגעלע אַף די וועגן פון העפּקער...

— איך בין אַ געוועזענער פאַרוואָרלאָזטער!..



אין קלוּב איז געוואָרן
שטיל, שטיל. אַלע האָבן
געקוּקט אַף זאַיטשיקן
מיט גרויס ליבשאַפט. אַף
זאַיטשיקן דעם געוועזע־
נעם פאַרוואָרלאָזטן און
איצטיקן פּיאָנער.
— אַף מיין פינפטן יאָר
האָב איך פאַרלוירן מיינע
עלטערן. פרי האָב איך

אָנגעהויבן וואַנדערן. פון פעלד אַף פעלד. פון וועג אַף וועג. פון שטאָט צו שטאָט.

מיט כעוורע, ווי איך, זיך באַהעפט. מיט זיי אינאיינעם געוואַנדערט. כעוורע האָבן מיר אַ נאָמען געגעבן זאַיטשיק. איז אַזוי שוין מיין נאָמען פאַרבליבן. איך געדענק מיין מאמען, אָבער איך ווייס ניט, צי זי לעבט. דאָס לעצטע מאָל, וואָס כ׳האָב זי געזען, איז זי געלעגן אין בלוט מיט אַ פאַרוווּנדעטן פוס. געוועקט זי, געוועקט זי: מאַמע... מאַמע... אָבער זי האָט זיך ניט אופגעכאַפּט. מיין טאַטן געדענק איך ווייניקער. אַ רויטגוואַרדייער געווען.

— נאָר איצט... אין גרויסן יאָנטעוו פון...

אָבער זאַיטשיק האָט ניט געענדיקט.

עמעצער איז פּלוצלינג אַרויף אַף דער בינע. עמעצער האָט אים פּלוצלינג אַרומגעכאַפּט און צוגעדריקט צום האַרצן, און געמורמלט קוים־קוים, שטיל־שטיל:

— מיין זון... מיין זון... מיין שימקעלע!..

און דער עמעצער איז געווען דודיק. דער ווערקער מיט די צוויי פאַרהאַרטעוועטע הענט.

און אַז דער פּאָרזיצער האָט דודיקן אָפּגעשטעלט און אים גע־פרעגט: וואָס איז מיט דיר, כאַווער? — האָט דודיק אופגעהויבן דעם קאָפּ און געוואָלט אַ געשריי טאָן פאַרן גאַנצן אוילעם: ער איז מיינער!.. זאַיטשיק איז מיינער! מיין בלוט און פלייש! מיין שימ־קעלע!.. נאָר פּלוצלינג און ער האָט זיך דערמאַנט:

— ניין... דאָ... היינט... איז אויך ער ניט מיינער... אויך זאַיטשיק איז דעם פּאָלקס... דעם לאַנדס... ער געהער אינגאַנצן דער רעוואָליוציע... ער, עלעק, און מיקושאַ, און סענקע, און סוסאַנע, און אַלע פּיאָנערן און אָקטיאַברערלעך... אַלע זיינען זיי ברידערלעך און שוועסטערלעך!..

— וואָס זשע איז מיט דיר, כאַווער? — האָט דער פּאָרזיצער ווי־דער געפרעגט.

— מ... מ... גאָרניט... אָט אַזוי... פון באַגייסטערונג... אָט... דער יאַט... האָט מיך אַ וואַרעם געטאָן... פון אָרט אַ הויב געטאָן... ס׳איז דאָך היינט אַזוי יאָנטעוודיק אַפן האַרצן... פון זיי... פון די יאַטן... פון די ברידערלעך און שוועסטערלעך!.. זיי זיינען דאָך

אלעמענס... אלעמענס... איין טאַטע־מאַמע האָבן זיי דאָך אַלע... די רעוואָליוציע!..

און אַזוי ריידנדיק האָט דודיק געהאַלטן אין איין טוליען צו זיך — פון איין זייט — עלעקן... פון דער צווייטער — זאַיטשיקן...

6

און אַז דער יאָנטעוו האָט זיך געענדיקט, האָבן כעוורע זיך אויס־געזעצט אין די אַווטאָמאָבילן און געזונגען.

עלעק און זאַיטשיק זיינען געשטאַנען אַרומגענומען הענט אַף אַקסלען. זיי האָבן גאָרניט געוווסט, איינס פון ס'אַנדער...

נאָר איינס האָבן זיי אין האַרצן געפילט:

אַז קינדער פון דער רעוואָליוציע זיינען זיי. אייגענע האַרציקע ברידערלעך!..

# דאס ניט־דערציילטע מאיסעלע

פּים — אַן עלפיאָריק פּיאָנערל — האָט זייער ליב געהאַט זיין זיידן, דעם אַלטן הירש.

מ׳האט געשמועסט, אַז דער זיידע איז שוין אַלט העכער ביינציק יאָר. און פּים האט זיך געפרייט, וואָס בא אים איז פאַראַן אַזאַ אַלטער זיידע. אַזאַ גרייז־גרויער און דאָך אַזאַ גלייכער, הויכער און פעס־טער, מיט אַ פולער שטארקער שטים און מיט אָדערדיקע הענט, ווי מיט סטרונעס דורכגעצייטע. סטרונעס פון אַ באַס, וואָס שלענגלען זיך פון די פינגער ביזן עלנבויגן און פאַרצווייגן זיך העכער, העכער — ביזן אַקסל.

פּים האט געוווּסט, אַז דעם זיידנס הענט זיינען אַזוי צעוואָרצלט און אַזוי קופּערדיק געשמידט צוליב לאַנגער, לאַנגער האָרעוואַניע.

דער אַלטער הירש איז געווען אַ סטאָליער, און גאַנצע זיבעציק יאָר געאַרבעט סטאָליעריי. גאַנצע זיבעציק יאָר געשפּאָלטן דעמבעס, געהיבלעוועט סאָסנעס און טאַנען און האָט איינגעזאַפּט אין זיך זייער געשמאַקן רייעך.

איצט אַרבעט שוין מער ניט דער אַלטער הירש. קויעך האָט ער נאָך אין זיינע פאַרהאַרטעוועטע הענט, נאָר ער איז שוין זייער קורצ־זיכטיק און אָפּטמאָל פאַרהוסט ער זיך ביז טרערן אין די אויגן. נאָר ער שמעקט נאָך אַלץ נאָך דעמב, סאָסנע און אָלכע.

אָבער ניט געווינט איז דער אַלטער הירש אַרומצוגיין ליידיק.

— „איך וואָלט שוין געקענט אָפּלעבן מיין רעשט ביסל יאָרן אָן עסן, נאָר אָן אַרבעט, פּים, איז שווער... ס׳בענקט זיך, פּים, נאָך אַרבעט...״

אַזוי פלעגט דער אַלטער זיך דורכשמועסן מיט זיין אייניקל, דעם עלפיאָריקן פּיאָנער פּים.

— ווייסטו וואָס, פּים? מיר וועלן אינאיינעם אַרבעטן, גוט?

— גוט. און וואָס וועלן מיר מאַכן, זיידע הירש?

— אָט באַלד וועסטו זען. נעם די ברעט. אַזוי. איצט נעם דאָס קליינע זעגל. אַזוי. מעסט אָפּ צוועלף סאַנטימעטער. ווי אַזוי ציילסטו? דו! שלימעזאַלניק! הייב אָן פֿון דער איינס. אַזוי. איצט נעם די ווירע און מאַך אַ פּאַס. מאַך אים גלייך. גלייכער, דו! ליימענע פֿינגער! באַ דיר! אַזוי. איצט זעג אָפּ. נעם די לייסט. זעג איבער אויף 4 גלייכע שטיקלעך. וווּ איז דער קליי? דעם היבל דערלאַנג. האַמער און נעגל. די דלאָטע נעם. מאַך אַרום־אַרום אַ רינוועלע. אייל זיך ניט, שלימעזאַלניק! קלאַפּ גלייך דעם צוויאָק. פּאַוואָליע, זאָלסט מיר ניט אָפּקלאַפּן אַ פֿינגער. ווישׁ דיר אָפּ דעם שווייס. די נאָז — אויך. אַזוי. איצט קלאַפּ אַריין דעם לעצטן נאָגל.

— פּאַרטיק, זיידע הירש.

און צווישן פּימען און דעם אַלטן, אין אַ הויפֿן פֿון סטרוזשקעס און שפּענדלעך, איז געשטאַנען אַ מין זאַך, וואָס איז זייער שווער געווען צו טרעפֿן, וואָס דאָס איז. פּים אַליין, וואָס האָט לויט דעם זיידנס באַפֿעלן דאָס אַלץ געמאַכט, האָט אַליין ניט געוווּסט, וואָס דאָס איז.

ווי באַלד אַ טישעלע, צו וואָס זשע אַזאַ קליינס? און עפּשער אַ טאַבורעטקע? איז צו וואָס דאַרף מען האָבן נאָך אַ ברעטל פֿונאויבן, וואָס הייבט זיך אויף און לאָזט זיך אַראָפּ, ווי אַ טאָוול אַפֿן ערשטן בלעטל פֿון אַ בוך. און צו וואָס דאַרף מען האָבן די שרויף אינמיטן און דאָס רינוועלע מיט דעם בלעכענעם רערל?

נאָר אַז די מאַמע איז צוגעקומען מיטן טאָרבעלע קעז און געקוקט אויף דער נייער זאַך און געשמייכלט — האָט פּים באַלד פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָס איז.

— זיידע הירש, איאָ דאָס איז אַ פּרעס פֿאַר קעז? אַ הילצערנער פּרעס. צווישן ביידע דעקלעך וועט די מאַמע אַנידערלייגן דאָס טאָרבעלע קעז...

— און נאָכדעם — זאָגט די מאַמע — וועל איך אַזוי לאַנג דרייען די שרויף, ביז די גאַנצע זויערמילך וועט אָפּרינען אַדורך דעם רינוועלע פֿון אונטערשטן דעקל אינעם טעפּל, וואָס כ׳וועל אונטערשטעלן אונטערן בלעכענעם רערל...

— געטראָפן, פּים, געטראָפן,— האָט דער אַלטער הירש געקלאַפּט מיט ביידע הענט, שמייכלענדיק מיט גרויס צופרידנקייט פון זיין דערפינדונג.

— טאַטע,— האָט פּימעס מאַמע זיך אָנגערופן צום אַלטן,— אַף דער עלטער ביסטו אַ דערפינדער געוואָרן.

— מיט פּימעס הילף,— האָט דער אַלטער געשמייכלט.

פּים איז געווען גליקלעך. ער האָט זיך שטאַרק איבערגענומען, ניט אַזוי מיט זיין שטיקל אַרבעט, ווי מיט דעם, וואָס ער איז דעם זיידנס רעכטע האַנט.

אַזוי האָט דער אַלטער הירש מיט דער הילף פון פּימען געמאַכט אַ גרויסן קאַפּקאַן צו כאַפּן מייז און טכוירן. און נאָכדעם האָבן זיי געמאַכט שטאַכעטלעך פאַר די ביימלעך. און אַ טויבנשלאַק, און אַ קליין וועגעלע אַף פיר רעדלעך.

פּים האָט איינגעשפּאַנט זיינע צוויי הינטעלעך אינעם וועגעלע. זיך אַריינגעזעצט, גענומען די לייצעס אין דער האַנט און געמאַכט אַ שפּאַציר איבערן שטעטל. איז מען פון די שטיבער געלאָפן קוקן און מ'האָט זיך געוווּנדערט און געזאָגט: פּים וואַקסט אַ גרויסער באַל־מעלאָכע.

אַז פּים איז נאָך גאָר אַ קליינער יאַט געווען, פלעגט אים דער זיידע דערציילן פאַרשיידענע מאַיסעלעך. ניט אַלע זיידעס דערציילן איינע און דיזעלבע מאַיסעלעך. אייניקע זיידעס דערציילן וועגן גילדענע פּאַלאַצן, ווי עס וווינען פּרינצן און פּרינצעסנס, ווי ס'וואַקסן ביימער מיט זילבערנע פּרוכטן. מאַיסעס פון ניט געשטויגן און ניט געפלויגן, געבוירענע אין די מויכעס פון די, וואָס זיינען געוווינט געווען צו לעבן אַ רויק, זאַט און רייך לעבן אָפּן כעשבן פון אַנדערע.

אַנדערע זיידעס, וואָס האָבן אַלע זייערע יאָרן אָפּגעלעבט ווי קנעכט, מיינענדיק, אַז אַזוי באַדאַרף זיין— דערציילן מאַיסעלעך פון קישעף און צויבער. אָט שטייט אַ קליין איינגעהויקערט שטיבעלע און אָט גייט פאַרביי אַ בעטלער מיט אַ טאָרבע און מיט אַ שטעקן. טוט דער בעטלער אַ מאַך מיט דעם שטעקן אינדערלופטן און פון אָרע־מען שטיבעלע ווערט פּלוצים אַ שיינער רייכער מויער, מיט קריש־טאָלענע פענצטער און דימענטענע הענגלייכטער. אַזעלכע זיידעס

האבן געוווסט, אַז זיי זיינען קנעכט, טרייסטן זיי זיך מיט דער האָפע־נונג אַף עפּעס אַ זייטיקער הילף.

פּימעס זיידע, דער אַלטער הירש, איז ניט געווען קיין בורזשוי און אויך ניט קיין בלינדער קנעכט.

האט דער אַלטער הירש דערציילט פּימען מאַיסעלעך, וועגן זעליק דעם סטאָליער־יונג, אַ הויכער, אַ שטאַרקער, אַ ריז. ווי זעליק האָט צונויפגעקליבן אַלע סטאָליערס פון דער שטאָט און געהאַלטן פאַר זיי אַ פייערדיקע רעדע, ווי אַזוי די סטאָליערס האבן באַשלאָסן צו מאַכן אַ שטרייק און ווי אַזוי די פּאָליציי איז אַף זיי אָנגעפאַלן. האָט זעליק זיך געשלאָגן ווי אַ לייב, און ווען ער איז שוין געלעגן אַפן טויטן בעט, זיינען זיינע לעצטע רייד געווען: „מיר זיינען געווען ווייניק... נאָר איך שטאַרב מיט דער האָפענונג, אַז ווען אַלע, אַלע אַרבעטער... וועלן... זיך... אָרגאַניזירן... און, איינעם... אַרויס... אין קאַמף... וועלן... זיי... זיגן...

און ער איז געשטאָרבן, זעליק,—ווי אַ העלד געשטאָרבן.

איך, פּימעלע,—האָט דער אַלטער הירש פאַרענדיקט זיין מאַי־סעלע,—בין אויך דעמאָלט געווען אין געשלעג... זעליקס רעכטע האַנט געווען... זעסט אַ שראַם אַף מיין אויער?.. אַ סימען פון יענעם געשלעג...

און נאָך מאַיסעלעך האָט דער אַלטער הירש דערציילט פּימען: פון פוגאַטשאָוון, פון ראַזינען.

נאָר אַז פּים איז געוואָרן גרעסער, איז דער אַלטער אַנשוויגן גע־וואָרן.

פּים האט שוין דאַן אָנגעהויבן דעם זיידן דערציילן אַלערליי מאַיסעלעך. און דער זיידע פלעגט זיי אויסהערן מיט גרויס האַנאָע. און פּים האָט געקענט פיל מאַיסעלעך, וואס ער האט געליינט אין קינדערשע ביכלעך, אין „פּיאָנער” און אין „זיי־גרייט”. אַסאַך מאָל האט געטראָפן, וואס דער אַלטער הירש איז איינמיטנדרינען אַנ־שלאָפן געוואָרן. האט פּימען אַביסל געאַרט און ער האָט פאַמעלעך געטאָרעט דעם זיידן:

— זיידע... דו הערסט?

— איך הער, פּים... איך...

און ווידער איינגעשלאָפן.

האָט שוין פּים דערציילט די מאַיסע פאַרן שלאָפנדיקן זיידן. ביזן סאָף דערציילט.

און דער זיידע האָט אָנגעהויבן אָפּטער איינצושלאָפן. ער האָט אויסגעזען ווי אַ גרויס ליכט, וואָס האַלט שוין באַם סאָף, און גייט אויס פון זיך אַליין, לאַנגזאַם, לאַנגזאַם.

און איינמאָל, אין אַ זומער־טאָג, ווען פּים איז ניט געגאַנגען אין שול — איז דער אַלטער הירש אופגעשטאַנען און געפּרווווט אַראָפּגיין פון בעט, נאָר ער האָט ניט געקענט. איז ער געבליבן ליגן. און איז שוין געליגן דעם גאַנצן טאָג.

— זיידע הירש!.. פאַרוואָס שטייסט ניט אוף? שטיי אוף, זיידע, — האָט פּים זיך געבעטן.

— שוואַך, פּים... דיין זיידע איז שוין זייער שוואַך, — האָט הירש געענטפערט. זיץ, פּים, נעבן זיידן און דערצייל אַ מאַיסעלע... דער־צייל פון לעבינען, ווי ער איז געשטאַנען אַפן בראָנעוויק און גע־רעדט...

האָט פּים זיך אַנידערגעזעצט נעבן אַלטן הירש און האָט דער־ציילט און דערציילט. און אַז פּים האָט שוין געוואָלט אַוועקגיין — האָט דער אַלטער ניט געלאָזט.

— זיץ, פּים... זיץ מיטן זיידן... אַליין איז אומעטיק... דיך האָב איך ליב... איך בין גליקלעך, וואָס איך האָב דיך דערלעבט צו זען... אַ פריי קינד, אַף פרייער ערד, באַ פרייער אַרבעט... זיץ, זונעלע... דעם זיידן איז אומעטיק... דערצייל פון... פון... בודיאָנען...

אַזוי איז אַוועק אַ וואָך צייט. דער אַלטער איז אַלץ געוואָרן שוואַ־כער און שוואַכער און פּים איז אַלץ געזעסן נעבן אים און גאַנצע טעג מיט אים געשמועסט און דערציילט מאַיסעלעך. נאָר איינ־מאָל, זיצנדיק אַזוי נעבן זיידן, האָט פּים דערהערט ווי כאַווײרים רופן אים.

— פּים! העי, פּים! ווו ביסטו? קום אין וואַלד! מירן רייסן יאַ־געדעס!

פּים האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט. שוין אַ וואָך צייט, אַז ער האָט זיך מיט כאַווײרים ניט געשפּילט, אין וואַלד ניט געוועזן, אין טייך זיך ניט געבאָדן. און באַלד גייט דער זומער אַוועק און ווידער אין שול, אין ער האָט אַזוי ווייניק געשפּילט זיך.

נישקאָשע, האט פּים זיך געטראַכט. איין טאָג מעג איך אַוועקגיין פון זיידן. מאָרגן וועל איך ווידער פאַרבּרענגען מיט אים.

און פּים האט זיך געלאָזט צו דער טיר.

— פּים... זונדעלע... — האט דער זיידע זיך געבּעטן. גיי ניט... זײַ דאָ נעבּן מיר... דיך האָב איך אַזוי ליב... דערציילן, ווי אַזוי מ'האט געהאַרגעט דעם רעוואָליוציאָנער באַטווין...

דער אַלטער הירש איז געווען בּלאַס. ער האט קוים גערעדט. זיינע ליפּן זיינען געווען בּלוי און ציטעריק.

— איך וועל בּאַלד קומען, זיידע... אַ רעגעלע נאָר, און איך קום צוריק...

און פּים איז אַוועק מיט די כאַוויירים אין וואַלד.

ווען ער איז פאַרנאַכט אַהיים געקומען, האט ער בּאַגעגנט די מאַמען פאַרוויינט. דער טאַטע איז אַרומגעגאַנגען אַן ערנסטער מיט אַ פאַרווייטיקט פּאָנים.

— גיי ניט אַריין, פּים... מע דאַרף ניט... — האט די מאַמע שטיל געזאָגט און מיטן פאַרטעך זיך געווישט איין אויג און נאָכדעם דאָס צווייטע.

— פאַרוואָס, מאַמע?

— מע דאַרף ניט, קינד... וועסט היינט שלאָפן בּאַם פעטער וועלוול...

בּאַם פעטער וועלוול איז פּים געוווירע געוואָרן, אַז דער זיידע הירש איז געשטאָרבּן. אַ גאַנצע נאַכט האט ער ניט געקענט שלאָפן. ער האט אויפגעוועקט זיין שוועסטערקינד שלוימקע און שטילערהייט אים געפרעגט:

— שלוימקע... דו שלאָפסט?

— נאָרוואָס אַנשלאָפן געוואָרן? און דו?

— איך קען ניט שלאָפן.

— איך אויך ניט. די גאַנצע צייט טראַכט איך פונעם זיידן.

— פאַרוואָס, שלוימקע, איז דער זיידע געשטאָרבּן?

— ווייל ער איז שוין געווען זייער אַן אַלטער מענטש.

— און ניט דערפאַר, שלוימקע, ווייל...

— ווייל וואס?

— ווייל איך האָב ניט געוואָלט...

— וואָס ?

— גאָרניט...

און שפּעטער אַביסל ווידעראַמאָל:

— שלוימקע... דו שלאָפסט ?

— ניין.

— שלוימקע... עפּשער האט דער זיידע געקענט נאָך בלייבן לעבן אַף אַ יאָר צייט.

— ניין, פים. ער איז שוין געווען זייער אלט און שוואַך.

— נו, אַף א כוידעש ?..

— ניין, פים...

— נו, כאָטש אַף איין טאָג ?..

— ניין, פים... די שכיינים זאָגן, אַז היינט זיינען געווען זיינע לעצטע מינוטן, איז ער אויסגעגאַנגען. אַ מענטש, אַז סע גייען אים אויס די קויכעס, שטאַרבט ער... דער זיידע איז געשטאָרבן פון אַלטקייט.

— און ניט פון... ווייל... איך וויל זאָגן... ווייל...

— וואס ?..

— ווייל... גאָרניט !..

און פים האט זיך פּלוצים צעוויינט... הייס און געשמאַק געוויינט. אים האט זיך זייער געוואָלט, אַז עמעצער זאָל קומען און אים פאַרזיכערן, אַז זיין ליבער זיידע איז ניט געשטאָרבן דערפאַר, ווייל ער, פים, האט אין יענעם טאָג ניט געוואָלט זיצן נעבן אים, און האט מער קיין מאַיסעלעך ניט דערציילט... ווען מע זאָל אים לאָזן, וואָלט ער איצט באַנאַכט זיך אָנגעטאָן, געגאַנגען אַהיים, און וואָלט געבעטן בא דער מאַמען:

— מאַמע... לאָז מיך... איך האב גאָרניט מוירע... וואס איז דאָ מוירע צו האבן פאַר אַ טויטן ?.. דאָרטן, מאַמע, ליגט דאָך דער זיידע... דער זיידע הירש... לאָז מיך, מאַמע, צו צו אים... איך וויל אים, מאַמע, דערציילן דאָס לעצטע מאַיסעלע... ער האט דאָך מיך אַזוי געבעטן... דאָס לעצטע מאַיסעלע, מאַמע, ווי אַזוי מ׳האט אין פוילן דערהאַרגעט דעם רעוואָליוציאָנער באַטווין...

# גאָלדע

גאָלדע איז געווען אַ פּיאָנערקע מיט אַלע מאַילעס: גוט געלערנט, שיין געשריבֿן, פֿאַרנומען זיך מיט זעלבֿסטעטיקייט. קיינמאָל ניט געזאָגט קיין ליגן. געטראָגן זויבֿערע מאלבֿושימלעך און דאָס קעפּעלע שטענדיק אויסגעצוואָגן.

און די ציין — ריין — שיין.

נאָר איין חיסאָרן האָט גאָלדע געהאַט: געווען זייער אַ גרויסע נאַשערטע. וואָלט ניט מיד געווען דעם גאַנצן טאָג צו עסן צוקערקעס, מאַרמעלאַד, האַלבֿעלעוואָנעלעך. און פֿאַר אַ נויט—זויפֿן צוקער... דעם גאַנצן צוקער אין שטובֿ האָט גאָלדע אופֿגעכראָמטשעט. נאָר מערער פֿון אַלץ האַט זי ליבֿ געהאַט: קוואַס, זיסן קוואַס, רויטלעכן, וואָס שמעקט מיט אַבֿריקאָסן.

און נאָך אַ זאַך:

קיין פֿוילע איז גאָלדע ניט געווען, שטענדיק מונטער און גרייט צו דער אַרבֿעט. נאָר דאָך — אַז זי האָט באַדאַרפֿט אופֿשטיין פֿאַרטאָג צו גיין אין אָטריאַד, האָט זי געמוזט ליגן אַ פּאָר מינוט און טראַכטן:

— אָט בֿאלד שטיי איך אוף. אָט בֿאלד שטיי איך אוף.

— אָט־אָ בֿאלד... אָט־אָ בֿאלד...

— נאָך אַ רעגעלע...

— שוין־שוין... אָט־אָ בֿאלד...

און זי האָט זייער מעקאַנע געווען די גרויסע: דעם עלטסטן פֿון אָטריאַד; דעם טאַטן, וואס שטייט אַלע טאָג אוף קאַיאר צו גיין אין זאַוואָד.

די גרויסע! — האָט גאָלדע געטראַכט — זיי איז אַזוי גוט. געעפֿנט די אויגן און בֿאלד אַ שפּרונג אַראָפּ. קאַלטע וואַסער, פֿייכטע טשופּרינעס, איינגעריבֿן זיך דאָס לייבֿ מיט אַ שטייפֿן האַנטעך, אָנגעטאָן. אַ גלעזל וואַרעמס. און האַידאַ — מאַרש צו דער אַרבֿעט!

און אַז זי — גאָלדע — טוט נאָר אַ שפּרונג אַראָפּ פונעם בעט — איז שוין דעמאָלט גוט! טוט זי באַלד אויך אַזוי, ווי די גרויסע. נאָר — ביזן שפּרונג אַראָפּ... אַז זי איז נאָך אַ קליינע! אַ קינד. מיטן קאָפּ, מיטן האַרצן איז זי שוין דאָרט — אין אָטריאַד, נאָר די פיס ווילן נאָך אַביסל ליגן אין דער וואַרעם.

— אַביסעלע... אַ רעגעלע...

— אָט שוין־שוין... אָט־אָ באַלד...

איז אַז ס׳קומט דער אינדערפרי הויבט זיך באַלד אָן דאָס באַשטענדיקע לידל. גאָלדע האָט עס שוין געקענט אַף אויסנווייניק.

צום ערשטן, די מאַמע:

— קוק זי נאָר אָן, ווי זי שלאָפט נאָך, די פּיאָנערקע! שוין עפשער זיבן אַזייגער און זי פּאָפט! וואָלסט גלייכער אופגעשטאַנען און ביז דער שול אַביסל צוגעהאָלפן דער מאַמען! קוק זי נאָר אָן... קוק זי נאָר אָן!

נאָכדעם די באָבע:

— ס׳אַ גאָלדע! אַ גאָלדענע גאָלדע! מאָל דיר... זי האָט דען אַן אָל אַף זיך? העלפט דען? שלאָפט ווי אַ פּריצטע? מאָל דיר... האָט דען אַן אָל, מאָל דיר...

נאָכדעם די היקעוואַטע שכיינע:

— ק... ק... קראַנ... קראַנ... קראַנקע ליגן אין בע... בע... בעט... גע... גע... געזונטע שטייען אוף פּ... פּ... פּאַרפרי!..

און שימקע, גאָלדעס ברודערל, אַן אָקטיאַבערל, מאַכט אַ טרובע פון אַ בויגן פּאַפּיר און הויבט אָן דונערן:

— קוואַס! קוואַס! גיט איר קוואַס מיט צוקערקעס!

לויפט שוין אַריין נאָך אַ שכיינע:

— אַ מאַמען דאַרף מען העלפן! אַ מאַמען דאַרף מען פאָלגן! אַ מאַמען!.. אַ מאַמען...

און גאָלדע ליגט און הערט אַלצדינג, נאָר איצט מאַכט זי זיך שוין שלעפעריק. אין האַרצן פילט זי, אַז אַלע האָבן רעכט. ניט שיין, ניט געזונט צו שלאָפן שפּעט. און זי טראַכט: אָט־אָ באַלד וועל איך אופשטיין. אָט־אָ באַלד... נאָר גיי: אַז דאָס בעט איז אַזוי וואַרעם, און עס ווילט זיך נאָך ליגן און דרימלען אַביסעלע. טוט זי זיך אַליין אַ פרעג: וואָס הייסט, אַביסעלע? נו, און אין שול?.. און זי

ענטפערט זיך אַליין: איז נאָך צוויי מינוט כאָטש... וואָס איז דען צוויי מינוט? ביז ווי לאַנג מע ציילט אָפּ הונדערט מיט צוואנציק... ליגט זי אַזוי און ציילט: איינס. צוויי. דריי... נאָר אַז זי קומט ביז הונדערט מיט צען — הייבט זי אָן צו ציילן אַזוי פּאַמעלעכן... אָט אַזוי אָ: הו—נ—נ—ד—ע—ר—ר—ר—ט מיט צ—ע—ע—ע—ן... און הונ—נ—נ—ד—ע—ר—ר—ר—ט מיט ע—ל—ל—ל—ע—ף, ביזוואנען זי ווערט ווידער אַנשלאָפן.

הייבט זיך שוין ווידער אָן דאָס באַשטענדיקע לידל:

די מאַמע:

— קוק זי נאָר אָן... קוק זי נאָר אָן!..

די באָבע:

— מאָל דיר און מאָל דיר... אַ גאָלדענע גאָלדע... זי האָט דען אַן אָל...

די היקעוואַטע שכיינע:

— ק... ק... קראַנ... קראַנ... קראַנקע ליגן אין בע... בע... בעט.

שימקע:

— קוואַס! קוואַס! קוואַס מיט צוקערקעס!

די צווייטע שכיינע:

— אַ מאַמען דאַרף מען העלפן! אַ מאַמען! אַ מאַמען...

קען שוין גאָלדע מער ניט איבערטראָגן. שפּרינגט אַראָפּ פון בעט, טוט זיך גיך אָן. און בעשאַסן וואַשן זיך, טראַכט זי נאכאַמאָל: אלע האָבן רעכט. אַן עמעסע פּיאָנערקע טאָר זיך אַזוי ניט פירן. נאָר וואָס זשע דען... אַך, אַז אונטער דער קאָלדרע איז אַזוי וואַרעם, אַזוי אַנגענעם!..

זומער איז גאָלדע אַוועקגעפאָרן צו גאַסט צו איר פעטער, אין קאָלאָניע.

דער פעטער, אַ גוטער, צוגעלאָזטער פויער, האָט זיך מיט גאָלדען זייער דערפרייט, און די פויערטע, די מומע, האָט איר אויסגעקושט אלע אייוורים.

אויסגעפרעגט יעדעס פּיצעלע: וואָס די מאַמע טוט? וואָס די באַבע טוט? וואָס שימקע טוט? און וואָס אלע שכיינים טוען? — האָט מען גאָלדען אָנגעהאָדעוועט מיט קאַשע מיט מילך און זי געלייגט שלאָפן.

— מאָרגן, — זאָגט דער פּעטער, — וועלן מיר דיך אופוועקן מאָרגן פרי, און דו וועסט גיין מיט אונדז אין פעלד אריין, אונדז העלפן אַביסל אַרבעטן.

האָט די מומע איינגעדרייט דאָס לעמפּל און:

— אַ גוטע נאַכט. שלאָפן.

פאַרטאָג האָט דער פּעטער אַ זאָג געטאָן:

— אַנו, גאָלדעלע... שטיי נאָר אוף!

אָבער גאָלדע שלאָפט.

רופט זיך אָן די מומע:

— גאָלדעלע טייבעלע... האָסט דאָך געוואָלט גיין מיט אונדז אין פעלד אריין?..

אָבער גאָלדע שלאָפט.

רופט זיך אָן דער פּעטער:

— מיילע... אַז זי שלאָפט — זאָל זי שלאָפן געזונטערהייט!

און מ'איז שטילערהייט אַרויס פון שטוב. און מיטן שמאָלן סטעזש־קעלע אַוועק אין פעלד אריין.

טראַכט זיך גאָלדע:

— אַ מעכאַיע! איצט דאַרף זי ניט גיין אין אָטריאַד, ניט אין שול — וועט זי שוין קאָנען שלאָפן, וויפל זי וויל...

און אַזוי טראַכטנדיק, דרימלט זי טאַקע איין.

אָבער פּלוצים — אין דרימל — דאָס באַקאַנטע לידל פונדרי'היים...

איז דאָס אַ כאָלעם? ווייזט זיך איר אויס?

דוכט זיך, אַז זי הערט גאַנץ קלאָר:

— קוק זי נאָר אָן!.. קוק זי נאָר אָן!..

— מאָל דיר... מאָל דיר... די גאָלדענע גאָלדע...

— קראַנ... קראַנקע... קראַנקע אין די בעטן...

— קוואַס... קוואַס... קוואַס מיט צוקערקעס...

אַ מאַמען... אַ מאַמען...

האָט זיך גאָלדע זייער דערשראָקן. ווי קומט אַהער די מאמע מיט דער באַבען, מיט שימקען, מיט ביידע שכיינעס? איז זי אַראָפּ־געשפּרונגען פון בעט און איז צו צום פענצטער... זי טוט אַ קוק: אַקעגן דעם פענצטער אַפן פּלויט שטייען פינף הענער און שרייען

— קוקורעקו!

און גאָלדען אין דרימל
האָט זיך אויסגעוויזן, אַז
דער האָן שרייט:
— קוקורעקו — קוק —
זי — נאַר אָן! קוק — זי —
נאַר — אָן, קו־קו־רע־קו!
— קוק — זי — נאַר — אָן
אין הוילן סטאָן!





און אָט דרייען זיך אַרום אינדיקעס מיט אינדיקלעך, אויסגע־
צויגענע גערגעלעך, טרייסלען מיט די קרעלעכלעך:
— האָל־דער... האָלדער...
און באַ גאָלדען — אין דרימל — שרייט דאָס די באָבע:
— האָל־דער... מאָל־דיר...
מאָל־דיר... האָל־דער...
גאָלדע... גאָלדע...
גאָלדענע... גאָלדע...
האָט אַן אָל דען...
האָט אַן אָל דען...
האָלדער... האָלדער...
און אָט פליען אַרום קראָען און ליאַרמען און שרייען:
— קראַ... קראַ...
קומט עס אויס אין דרימל, ווי די שכיינע זאָל דאָס היקען:
— קראַ... קראַ... קראַנקע... קראַנקע...
קראַנקע מענטשן ליגן אין בעט...
אַ געזונטער שלאָפט ניט שפּעט...
קראַ... קראַ... קראַנקע אין בעט...
און לעבן סטויג איז צוגעבונדן אַ גרויסער ווייסער הונט, אַ
ווייסער ווי שניי, און רייסט זיך פון קייט און האַווקעט און האַמקעט:
— האַם... האַם... אַ מאַמען... אַ מאַמען...
מע דאַרף העלפן אַ מאַמען...
ראַמען צוזאַמען...
האַם... האַם... אַ מאַמען, אַ מאַמען...
און צווישן די העגער, אינדיקעס, קראָען און הינט שפּרינגען
אַרום זשאַבעלעך, גרינינקע, פּריילעכע, טאַנצן קעגן גאָלדעלען...
און רייצן זיך, רייצן זיך...
קוואַ... קוואַ... קוואַ...
קוואַס... קוואַס... קוואַס...
קוואַס מיט צוקערקעס...
פּויער אַף די בערג איז...
אַרבעטער באַם ווארשטאַט...
און גאָלדע איז אַ נאַשערטע...

אַ פּעפּערקע אַזאַ...

קוואַ... קוואַ... קוואַ...

קוואַס מיט צוקערקעס...

האָט זיך גאָלדע זייער פאַרשעמט און האָט זיך געגעבן דאָס פּיאָנערישׂ וואָרט, אַז זי וועט מער שוין ניט נאַשן און ניט שלאָפן שפּעט.

איז זי כּאַוועד געוואָרן מיט די הענער און אינדיקלעך, און מיט דעם ווייסן הונט און גרינע זשאַבעלעך, און זיך דעם גאַנצן זומער מיט זיי געשפּילט. און צוריקגעקומען איז אַ געזונטע, אַ פרישע, אַ מונטערע, אַ פּלייסיקע.

— אַ פּיאָנערקע מיט אַלע מאַילעס!

# א מאַיסעלע, ווי וועוויק און ביילקע האָבן אָנגעהויבן לייענען דעם „פּיאָנער"

1

נעבן אַ וועלדל און נעבן אַ ברונעם, און אונטער אַ הימל אַ ברייטן, אַ ברייטן, שטייט זיך אַ ביידל באַדעקט מיט טשערעט.

שטייט זיך אַ ביידל אינמיטן דעם פעלד, געריננלט מיט ביימער און זאַנגען. וווינט אין דעם ביידל א יידישער פּויער, מיט ווייב און מיט קינדער, מיט הינער און גענדז, מיט לאָשעקל ווייסן, ווייסן ווי שניי.

איז יעדער מיט אַרבעט פאַרנומען. פּויער — אין פעלד. דאָס ווייב — אין שטוב. גענדז — בײַ דעם טייך. און הינער — אין הויף. נאָר דאָס לאָשעקל ווייסע, און וועוויק און ביילקע — זיי אַלע דריי זיינען פראַנק און פריי. הירזשעט דאָס לאָשעקל און בריקעט גאַלאָפּ. קלעטערט וועוויק אַף שפּיץ פונעם ביידל. און ביילקע מאַכט קרייזן מיט שטיינדלעך אין טייך.

גייט איבער אַ יאָר. ווערן אַלע דריי גרויס. דער לאָשעק — צוויי יאָר, ביילקע — זעקס, און וועוויק — זיבן.

נעמט מען דעם לאָשעק צום שפּאַן, און קינדער — צום בוך. און דאָס איז אַ „בע". און דאָס איז אַ „גע". און דאָס — אַ „מע".

דרייען זיך קינדער בײַם ביידל אַרום, בײַ סטויגן אַרום, מיט לענג פונעם טייכל, און ביכלעך — אין האַנט. און לערנען. און לערנען.

הערט קעלבעלע צו. און לעמעלע צו. און גענדזעלע צו. זאָגן זיי נאָך: קעלבעלע — בע. און לעמעלע — מע. און גענדזעלע — גע.

גייט איבער אַ צייט. און קינדערלעך לייענען אין ביכלעך שוין פריי. נאָר ביכל איז קליין. און מאַיסעלעך — ווייניק.

פאָרט טאַטע דער פּויער אין שטעטל אַריין, צו קויפן אַ סערפּ. ברענגט ער שוין אייַנוועגס אַ ביכל אַ נייס. לייענט וועוויק און

ביילקע דאָס ביכעלע נייס. אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט, און שורע באַ שורע. און קעלבעלע — בע. און לעמעלע — מע. און גענדזעלע — גע. ביז ביכל צו ענד. אַז ביכל איז קליין. און מאַיסעלעך — ווייניק. און לידלעך — אַ פּאָר: איינס — פונעם טוי, אינעם בלוי פון קאַיאָר; און איינס פונעם גיגאָלד, וואָס פינקלט אין קאָרן...

און טאַטע דער פּויער איז פאַרנומען אין פעלד. האָט ער קיין צייט ניט צו פאָרן אין שטאָט. איז מער שוין קיין ביכלעך צום לייענען ניטאָ. דרייען זיך קינדערלעך אומעטיק אום...

2

געקומען צו פאָרן אַ גאַסט. געשמועסט מיטן טאַטן פון פעלד, פון מאַשינעס. פון טראַקטערס און קי. געקוקט אין שפּאַקטיוו אַף רעכטס און אַף לינקס, און שפּעטער זיך גענומען צו וועוויקן און ביילקען:

— אין שול אַריין ווילט איר?

— ווילן!

— וויפל אַלט?

— איך — זיבן. ביילקע — זעקס, און „מוציק“ — צוויי.

— און מוציק — ווער איז?

— מוציק? — דער לאָשעק!

צעלאַכט זיך דער גאַסט. און טאַטע אויך. און ס׳שמייכלט די מאַמע. איז נעמען די קינדער און צעלאַכן זיך אויך.

— גוט! — זאָגט דער גאַסט. — די שול וועט זיך עפענען, ט׳איר גיין אין שול.

— ביכעלעך מיט מאַיסעס וועט זיין אין דער שול?

— איר קענט דען שוין לייענען?

— וואָ׳דען? ביין?

— איז גוט! איז גוט! אין שול וועט איר קריגן ביכער געננוג!

האָבן וועוויק מיט ביילקען צעטאַנצט זיך פאַר פרייד. און דער גאַסט האָט אַרויסגענומען אַ זשורנאַל פונעם טאַש. געגעבן די קינדער, און זאָגט:

— נאַט, לייענט!

האבן קינדער געגעבן אַ כאַפּ דעם זשורנאַל. און אַוועק צו דעם סטויג. און צעלייגט זיך אין היי. און באַטראַכט דעם זשורנאַל. אַפן ערשטן בלאַט אַ יאַט אויסגעמאָלט. זיצט זיך באַם טייך מיט ריטל און האָק, און וואַרט אַף אַ פיש. און אויבן — געשריבן מיט אויסיעס גרויסע. אויסיעס זעקס. באַטייט דאָס וואָרט, ווי ס'הייסט דער זשורנאַל. און וועוויק און ביילקע לייענען דאס וואָרט:

— פּי... פּי... פּיאָנער...

לויפן אום הינדעלעך הינ־טערן סטויג. זאָגן זיי נאָך:

פּי... פּי... פּי־פּי!

אַ פרייד באַ די קינדער. אַ פרייד אָן אַן עק. מאַיסע־לעך שיינע. און בילדעלעך פיל. און לידעלעך. שפּילן. און אַ בריוו פון אַ קינד. און אַ רעטעניש אויך!..



3

גאַסט איז שוין אַוועקגעפאָרן. קינדער — ווידער טרויעריק. דעם „פּיאָנער" שוין אויסגעלייענט. ווו אַ מאַיסע — נאָכדערציילט. ווו אַ לידל — אויסנווייניק. ווו אַ בילדל — נאָכגעמאָלט. און דעם רעטעניש געטראָפן. און די שפּילן אויסגעלערנט. גייען קינדער אום און בענקען: ווו נעמט מען אַ נייעם „פּיאָנער"?

און אַז שול זיך געעפנט, זיינען זיך קינדער געגאַנגען אין שול. געגאַנגען מיט סטעזשקעס צווישן די זאַנגען. געטראָגן אַף אַקסל אַ טאָרבעלע עסן, מיט העפטן און ביכלעך און ווירע און פען.

און וועוויק און ביילקע געוואַרט און געוואַרט. אַ וואָך און אַ וואך און אַ וואך און אַ וואָך. אַ כוידעש געוואַרט, אַז אָנקומען זאָל דער „פּיאָנער". און ווי נאָר געקומען, פאַלט מען באַלד צו. צום ערשטן — די הילע. בילדלעך — דערנאָך. און נאָכדעם — די לידלעך. און מאַיסעס — דערנאָך. נאָר בריוולעך פון קינדער און ענטפערס אַף זיי — לאָזט מען אַף נאַכט, ווען שטיל איז אין בידל, און אין וועלדל איז שטיל...

4

זיצן זיך וועוויק און ביילקע אַף סטויג, און —

— ווייסטו וואָס, ביילקע? לאָמיר אַ שרייב טאָן אַ בריוו אין „פּיאָנער"...

— שרייבן איז שרייבן! — מאַכט ביילקע און פרעגט:

— וועוויק, פון וואָס?

— ווייניק פאַראַן פון וואָס צו שרייבן? פון שול! פון אָטריאַד! פון גערטנדל קליינעס, וואָס מיר האָבן פאַרזייט!

נעמט מען אַ פען און טינט און פּאַפּיר. און מע שטעלט אוף אין הויף אַ פעסעלע קליינס, און מע זעצט זיך אַנידער צו שרייבן אַ בריוו.

קומט קעלבעלע, לעמעלע, הינדעלע, גאנדז. שטעלן זיך אַלע אַרום־און־אַרום. און מע קוקט אין פּאַפּיר און מע שאָקלט די קעפּ.

און אַז קינדערלעך ענדיקן שרייבן דעם בריוו — פון שול און אָטריאַד און גערטנדל קליינס — רוקט זיך דאָס קעלבעלע נעענטער צו און שטעלט אָן די אויגן גלייך אַף דעם בריוו, און —

— בע... בע... בע־בע!
פאַרשטייט דאָך שוין וועוויק, וואס קעלבעלע מיינט:
— בע... בע... בע־ס־טער כאַוועך „פיאָנער"!..
קומט אויך דאָס גענדזעלע נעענטער צו און—
— גע... גע... גע־גע...
פאַרשטייט דאָך שוין וועוויק, וואָס גענדזעלע מיינט:
— גע... גע... געפּעלסט אונדז אלע זייער און זייער!..
— מע... מע...—שרייט דאָס לעמעלע אויס—מע... מע...
מע־ר־ע־ר מע לייענט דיך,—וויל מען דיך מער!..
צעזינגט זיך דאס הינדעלע אַף אַ קוויטשיקל הויך:
— פּי... פּי... פּיאָנער!..
שרייבט וועוויק אַריין זייער אַלעמענס בריוו און לאָזט זיך צום קעסטל. פון הויף הונדערט שפּאַן. וועט ליגן דער בריוו אין קעסטל אַ טאָג. וועט קומען צו פאָרן אַ רייטער אַהין. וועט נעמען דעם בריוו און אַוועקשיקן גלייך—
צום „פּיאָנער"!
לויפט וועוויק צום קעסטל און ביילקע נאָך אים און קעלבל נאָך ביילקען און לעמל נאָך קאַלב. און גענדזל נאָך לעמל און הינדל נאָך גאַנדז.
און פּלוצים פון טויבנשלאַק לאָזט זיך אַ טויב, אַ צווייטע, אַ דריטע, און פינף, און צען.
צען טייבעלעך פליען איבער די קעפּ. צען טייבעלעך וווּרקען נאָך קינדערלעך נאָך:
— גר... גרו... גר... גר... גרו...
פאַרשטייט דאָך שוין וועוויק, וואס טייבעלע מיינט. טייבעלע מיינט:
— גר... גרו... גרוס... גרוס... אַ גרוס אויך פון טייבעלעך דעם „פיאָנער"!———

# זיאַמעלע

1

איינסעלע, צווייעלע, דרייעלע, פירעלע;—
הערט זשע אויס, קינדער, און — שאַט!
דערפּעלע, שטיבעלע, פּענצטערל, טירעלע;—
ווינט אינעם דערפל אַ יאַט.

זיאַמעלע־מאַזיקל, פלאַמיקע אייגעלעך;
ווייסט ניט פון שול און פון בוך.
שטיינדלעך אין נעסטעלעך... צאַפּלען זיך פייגעלעך;
קליינינקע, וויכינקע — פוך.

קענדעלע, בענדעלע... בינדט מען דאָס קענדעלע,
בינדט מען צום לאָשעקלס עק...
קענדל אַף לאָשעקלס פיס טעלעבענדעט זיך —
לאָשעק — גאַלאָפּ פון דערשרעק!

גאַלאָפּ — און אין שול; און עס הירזשעט דאָס לאָשעקל...
קלאָגט זיך פּאַר קינדער און פרייכט.
באָר זיאַמעלע־מאַזיקל טראָגט שוין אין קאָשעקל,
קעצלעך צו וואַרפן אין טייך!

קען יעדער אין דערפעלע זיאַמעלע־מאַזיקל;
שמועסט מען: ער וואַקסט ניט קיין לייט!..
קינדער, וואָס גייען ניט אין שול, פּוסטעפּאַסניקעס —
וואַקסן אויס ווילד און פאַרשייט!

פירעלע, פינפּעלע, זעקסעלע, זיבּעלע —
קעצעלעך קריכן אַרויס...
צעווייקטע — אין שול אַריין! און מע צעכליפּעט זיך!
נעמען זיי קינדער אין שויס...

טריקנט מען קעגן דער זון אויס די קעצעלעך;
בינדט מען אָפּ לאַשעקלס עק...
זיבּעלע, אַכטעלע, ניינעלע, צענעלע —
אָט אַ מין יאַטל — אַ שרעק!

2

ווּ זשע האַלטן מיר? — בּאַ צען!
הערט זשע ווייטער, וואָס געשען.
ווער וועט ציילן? דו, צי איך? —
ווער עס וויל! נאָך גיך! נאָך גיך!
אָט אַזוי און אָט אַזוי —
גיכער, קינדער, נאָר — געננוי!

איינס און צוויי און דריי און פיר —
קומט אין דערפל אָן אַ צירק.

קומט אַ צירק אין דערפל אָן —
גייען קלעזמער אַף דער גאַס:
איינער גראָבּ אַזוי ווי אַ פאַס,
צווייטער דאַר אַזוי ווי אַ שפּאָן;
גראָבּער רימפּלט אַפן בּאַס,
דאַרער האלט אים נאָך אַ טאָן!

גייט דער קלאָון אַף פאָרויס —
שפּיץ פון מיץ אַ מעטער גרויס!
גרין און לאַנג דער רעכטער הויז,
און דער לינקער — קורץ און געל...

נאָז און שטערן אָנגעמעלט;
באַקן — רויטע פלעקן צוויי.

אוי, אַז קלאָון טוט אַ שפּרונג!
אַ'ן אין לופטן זיך אַ דריי!
און אַ דריי זיך אַ'ן אַ וואָרף!
ביז עס לויפט צונויף דאָס דאָרף!
טאַטעס, מאַמעס, אַלט און יונג!

און דער קלאָון — שפּרונג־און־שפּרונג —
און באַווייזט אַ גרויסע צונג...

גיכער, קינדער, ניט געטראַכט:
פינעף, זעקס און זיבן, אַכט! —
צינדט מען פאַקלען אָן באַנאַכט!

ליכטיק ווערט אין צירקנהויף.
קומט מען זיך אין צירק צונויף.

האַמקען הינט אינמיטן גאַס,
און אַף פּויטל קרייעט האָן.
רימפּלט גראָבער אַפּן באַס,
האלט אים דאַרער נאָך אַ טאָן!

— קו־קו... ריקו... האַם! האַם! האַם!

— וואָס זשע ווילסטו, רויטער קאַם?
און דאָס הינטעלע וואָס וויל?

— איינס און צוויי און דריי און פיר —
לאָזט אונדז אויך אַריין אין צירק,
וועל'מיר זיצן פיין און שטיל!..

גיכער, שימקע! רייזל, העלף!
ניין און צען און עלף און צוועלף!
מאַלפּעס, בערן, לייבן, וועלף!..

שטייט דער העלפאַנט קעגן בער,
גיט דער קלאָוןביידן קלעפּ!
— ברענגט אַ ברעט! אַ ברעט אַהער!
לייגט מען ברעט אַףביידנס קעפּ.

ווערט אַף ביידנס קעפּ אַ בריק...
וועלף שפּאַצירן הין־און־קריק.
און די מאַלפּעס גייען אַף שטריק.

קוקט דער לייב מיט אויגן־פלאַם —
פאַלט אַף האָן און הונט אַ שרעק!
— קו־קו... ריקו... האַם־האַם־האַם!..
פליגל, פיסלעך און — אַוועק!..

3

ווו האלט מען? — בּאַ צוועלף!
איז ציילט מען ניט מער!
און אויס מיט די וועלף!
און אויס מיטן בער!

איז צירק שוין אַוועק,
מיט באַס און מיט פּויק.
און זיאַמעלע שנעק,
זיצט הינטערן סטויג...

זיצט הינטערן סטויג,
און טראַכט, וואָס מע טוט...
אַ פינטל מיט אויג:
עס וועט שוין זיין גוט!..

אַ קלאָון צו זיין,
קאָן זיאַמעלע אויך!..
שפּיל אויס און שפּיל איין —
אַז גיין וועט אַ רויך!

דאָס קעלבל — אַ בער!
אַ מאַלפּע — דער האָן!
אַ העלפאַנט — דאָס פערד!
און זיאַמע — דער קלאָון!

דער מאַמעס אַ ראָק —
און אָנגעטאָן גיך...
און באַבעצעס זאָק,
און זיידנס פּאָר שיך!

אף העלדזל — אַ שאַרף!
אַ בערדל — פון גראָז!..
אין טינטער איז פאַרב,
פאַר באַקן און נאָז!..

און ווי ס'איז דער שנעק,
אַרויס אַפן הויף —
לאָשעק אין שרעק,
און גאַלאָפּ! און אַנטלויפט...

און קעצל דערשטוינט,
און מיאַאו... און מיאַ...
אַ שפרונג אַפן בוים...
פון בוים אַפן דאַך!..

און טייבעלע, שוואַלב —
אַוועק אין דער בלוי...
נאָר קעלבעלע־קאַלב,
שטייט זיך אַזוי...

קאַיעט און שטייט...
— ס'איז זיאַמע!.. איז וואָס?..
אַ ווייבעריש קלייד!
אַ בערדל פון גראָז!..

שטייט עס און קאַיעט,
און קוקט ווי אַ רינד:
— שטערן אין קריידן!..
און בעזל אין טינט!..

— בע-כהע... כע־כי־כי...
האָט קאַלב זיך צעלאַכט!—
אוי, מאַמעלעך־קי!
אוי, קומט און באַטראַכט!..

— דו, קעלבל! דו, קעלבל!
דו קום נאָר אַהער!
דו ווילסט זיין אַ װעלפל?
צי ווילסט זיין אַ בער?

— ס׳איז איינס און דאָסזעלבע...
און לאָז מיך צורו!
איך בין אַ קעלבל...
מיין מאַמע — אַ קו...

נאָר דו... ביסט אַ מענטשל...
און קענסט ניט קיין אָס!
אַ זאָק פּאַר אַ הענטשע!
אַ בערדל פון גראָז!

נאָר זיאַמעלע לויערט
אַף קעלבל פון זייט...
און כאַפּט עס באַ אוי׳ער,
און זיצט שוין און רייט!

דאָס קליידל אַף ווינטן!
צעכראַסטעט דער ראָק!
און ס׳קענדל פון הינטן—
גלין־גלאָן, ווי אַ גלאָק!

— מיין צירק איז שוין פאַרטיק!
קומט אַלע אַהער!
מיין נעזל איז פאַרביק!
און כ׳רייט אַף אַ בער!

נאָר קע־בל צעבריקעט,
און לאָזט זיך געיעג —
אַר־בער די בריקן!
אַראָפּ פונעם וועג!

און פלויטן אַריבער!
און שטיינער און שטויביך!
און איבער די גריבער —
מיט עק אינדערהויך!..

און ווייטער! און ווייטער!
אַזוי ווי אַ בליץ!
און זיאַמעלע רייט
אין פּאַפּירענעם מיץ!..

און זיאַמעלע טראָגט זיך,
אַף קעלבעלע־בער!
און ס׳הערצעלע נאָגט שוין...
און ס׳וואַרגט שוין אַ טרער...

און זיאַמעלע רעיועט,
און כליפּעט פון שרעק...
ביז קעלבעלע קערעוועט
צוריק אַפן וועג!

צוריק אַפן של־אַך,
און צוריק איבער דאָרף —
און אין שול אים געבראַכט,
און פון רוקן — אַ וואָרף!

אַ וואָרף פונעם רוקן —
און ט'איז ער, דער יאַט!..
און קינדערלעך קוקן:
אַ יאַט אין כאַלאַט...

קומט קעצל זיך קלאָגן,
פאַר קינדערלעך גלייך:



— ער האָט מיך געטראָגן,
דערטרינקען אין טייך!..

קומט פויגל זיך קלאָגן,
מיט ביטער געוויין:
— מיין נעסט האָט צעטראָגן,
זיינער אַ שטיין!..

קומט לאָשעק זיך קלאָגן:
— אין קנעכעלע שטעכט...
מיין פוס איז צעשלאָגן,
פון זיינעם אַ בלעך!..

געהירזשעט, געטשריקעט,
געמיוקעט אַף אים...
און זיאַמעלע היקעט:
הו... בו... הם... הם... הם...

פאַרשעמט איז דאָס יאַטל,
און וואַרפט שוין אַראָפּ,
דעם ראָק, דעם כאַלאַט,
און דעם מיך פונעם קאָפּ.

און קינדערלעך געבן אים,
וואַסער אַ קוואָרט;
און געשטעלט זיך אַנעבן,
און אַ וואָרט און אַ וואָרט...

— און רייס אָפּ דאָס בערדל!
— און וואַש אָפּ די פאַרב!
— און כאַוועך מיט פערדל!
— מיט קעצל און קאַלב!

— אַז כאַוועך איז כאַוועך!
און קום זשע, דו יאַט,
און זיי אַן אָקטיאַבערל,
אין אונדזער אָטריאַד!

און לערן זיך ציפער —
אַ איינס און אַ צוויי!
און ביסטו אַ שטיפער —
איז ווינטער, אין שניי!..

אַ מענטשן אום ווינטער,
מיר מאַכן פון שניי...
אַף קאָפּ אַ צילינדער,
און אויערן צוויי;

אויערן אייזלשע;
טיגערשע ציין!
אין איין אויג אַ גלעזל;
אין צווייטן — א שטיין!

ווער שוין דערקענען,
ווער עס ווער זען:
— פון שניי טשעמבערלענען!..
כאַ־כאַ! טשעמבערלען!..

צעלאַכן זיך קינדער,
צעטרעלט זיך די שוואַלב!
און קעצלעך פאַרביגדן,
אַ שפּיל מיטן קאַלב...

שטראָמען אוף קעלעכלעך —
יונגער געשאַל...
אַף קעלבעלעס פעלעכל,
שפּילט זיך אַ שטראַל...

קעלעכלעך שטראָמען,
און זיאַמע אין מיט...
איז, קינדערלעך, לאָמיר,
אַ זינג טאָן אַ ליד!

פון רויטע גוואַרדייער!
פון שול און אָטריאַד!
איז איינסעלע, צווייעלע, —
און הערט זשע און שאַט!

— דרייעלע, פירעלע, —
שטיבעלעך קליין...

פענצטערל, טירעלע,
דערפעלע שיינס!

פינפעלע, זעקסעלע, —
זונעלע שיינט...
לאָשעקל, עקסעלע,
זיאַמעלע — פריינט!

זיבעלע, אַכטעלע,
טייכל — בול־בול...
זיאַמעלע מאַכט שוין
אַן אופגאַב אין שול!

ניינעלע, צענעלע, —
צווייגעלע־פרוכט...
זיאַמעלע קען שוין
לייענען אין בוך!

עלפעלע, צוועלפעלע, —
לייענט ער און שרייבט...
שמועסט מען אין דערפעלע:
— ער וואַקסט שוין אַ לייט!

סטויגעלעך, גאָרבעלעך,
זאַנגען אין פעלד!
וואַקסן אָקטיאַבערלעך,
וואַקסט אויס אַ וועלט!

ליבינקע יאַטן —
מיט זיאַמען אין קאָן!
אין לאַנד פון די ראַטן!
פון לענינשער פאָן!

איז וואַקסט אייך צוזאַמען,
און לערנט און שטיפט!
אוי, קינדערלעך!.. זיאַמעלע!..
ווי מיר האָבן אייך ליב!..

# פייגעלע און ראָקעלע

1

דאָס פייגעלע האָט דערפילט, אַז דער ווינטער דערנעענטערט זיך. האָט זיך עס אופגעהויבן און אַוועקגעפליגן ווייט, ווייט.

געפלויגן אַ טאָג. און נאָך צוויי. און נאָך צען. און נאָך זיבעצן. איז שוין אינאיינעם דרייסיק טעג.

אַפן איינאונדרייסיקטן טאָג איז דאָס פייגעלע אָנגעקומען אין אַ לאַנד אַזאַ, ווו ס'איז שטענדיק וואַרעם. וואַקסן דאָרטן פּאָמעראַנצן און באַנאַנען און קאָקאָס־ניס, און מילגרוימען, און אַלערליי קוויטן.

האָט דאָס פייגעלע דאָרט אָפּגעזוכט אַ ביימעלע. האָט דאָס ביימעלע געוואַקסן בײַ אַ טייכעלע. איז דאָס טייכעלע גערונען צווישן די בערג.

בײַנאַכט איז דאָס פייגעלע געשלאָפן, שטייענדיק אַף איין פיסעלע צווישן די צווייגן, און בײַטאָג — אומגעפליגן מיט דער לענג פונעם טייכעלע צו זוכן שפּייז: אַ ווערעמל. אַ פליגעלע. א קערנדל.

בײַם טייכעלע האָט דאָס פייגעלע זיך באַקאַנט מיט אַ יונג ראַקעלע. זיינען ביידע געוואָרן צוויי גוטע כאַווערימלעך.

פלעגט דאָס פייגעלע אַלע פאַרטאָג צופליען צום ברעג טייכעלע און אַ זאָג טאָן:

— „צרי... צעררר... צרי..!" דאָס האָט געהייסן: פריש — דער אינדערפרי... איז ראַקעלע בײַלד אַרויסגעקראָכן פון וואַסער, און האָט מיט ביידע הערנערלעך זיך געגריסט צום פייגעלע.

האָט פייגעלע זיך זייער דערפרייט מיטן כאַווערל און האָט אויסגעשריען: — „צוואָי... צעררר... ציף..." דאָס האָט געהייסן: אוי! ווי דאָס וואַסער איז טיף!.. קרי... צרי... צראָי!.. קריך... קריך אַרויס!..

איז ראַקעלע אַרויסגעקראָכן אַפן ברעג. און ביידע האָבן זיך גענומען דערציילן מאַיסעלעך, אַף אַזאַ לאָשן, וואָס נאָר פייגעלעך און ראַקעלעך און גילדענע פישעלעך פאַרשטייען.

ראַקעלע אָבער האָט געקענט זייער ווייניק מאַיסעלעך. אַ צוויי־דריי. פון פיאַוועקעלעך. פון מויער־קעפּלעך. און פון קליי־נינקע גרינע פרעשלעך מיט ווייסע בייכעלעך. ווייל ראַקעלע האָט שטענדיק געוווינט אַף איין אָרט, אָט דאָרטן, באַם ברעג פונעם טייכעלע.

נאָר דערפאַר האָט דאָס פייגעלע געקענט אָן אַ שיר מאַיסעלעך. פון פאַסטעכלעך. פון הינטעלעך. פון מוראַשקעלעך. פון בינען. פון רויטע קאַרשעלעך. און פון די יאַטלעך — אוי, די שלעכטע יאַטלעך, וואָס קלעטערן אַף דיביימער צו זוכן נעסטן מיט אייעלעך!

און נאָך פיל אנדערע מאַיסעלעך. ווייל דאָס פייגעלע איז דאָך אַ וועלט אויסגעפלויגן.

פלעגט ראַקעלע שטיין מיט אַן אָנגעבויגן קעפּעלע, מיט אַן אויערל אַף אַ זייט, און זיך איינהערן אין דעם פייגעלעס מאַי־סעלעך.

און ביידע כאַווייר־ימלעך האָבן זיך שטאַרק ליב באַקומען. האָט מען זיך אָפּגעשמועסט, אַז ווען דאָס פייגעלע וועט צוריקפליען אין דער אַלטער היים, זאָל עס מיטנעמען מיט זיך אויך ראַקעלען, ווייל דעם ראַקעלע האָט זיך זייער געוואָלט זען נייע ערטער און נייע וואַסערן און נייע גראָזן.

גוט.

אָפּגעשמועסט איז אָפּגעשמועסט.

2

אַז דער טאָג פון צוריקפליען איז געקומען — האָט דאָס פייגעלע זיך אַוועקגעשטעלט באַם ברעג טייכעלע און אַ רוף געטאָן:

— טשריק... טשריק... טשריק... דאָס האָט געהייסן: צו ריק!.. כ׳פלי שוין צוריק... איז ראַקעלע באַלד אַרויסגעקראָכן פון וואַ־סער. זיך פאַמעלעך אַרופגעהויבן אַף דעם שטיינערדיקן ברעג און אופהויבנדיק אַ קלעמערל אינדערלופטן, געבליבן שטיין, ווי איינער וואָס פרעגט:

— ווי אַזוי... ווי אַזוי זשע וועל איך דיר נאָכהאַלטן?.. דו, פייגעלע, פליסט דאָך אַזוי געשווינד, און איך — קוים וואָס איך שטעל אַ פוס...

— קרי... צרי... כי... דאָס האָט געהייסן: קריכער!.. כי־כי־כי!.. וואָס דען? איך ווייס דען ניט, אַז דו ביסט אַ שווערער פּאַר־שוין... האַקיצער, איך וועל דיך שוין מוזן טראָגן באַ פּיסעלע! אַן אַנדער ברירע האָב איך מיט דיר?..

האט דאָס פייגעלע גענומען ראַקעלען אין שנאָבל. זיך אופגע־הויבן און אוועקגעפלויגן.

צום אָנהויב האָט ראַקעלע זיך דערשראָקן, ווייל — ווײַ! — ווי ס'האָט געשווינדלט פאַר די אויגן! זיך אויסגעדוכט, אַז די גאַנצע וועלט אַנטלויפט צוריק, צוריק... בערג, טייכל, וועלדל, אַלץ, אַלץ אַנטלויפט צוריק.

אָבער שפּעטער האָט זיך ראַקעלע איינגעוווינט. און מיט גרויס האַנאָע אַרונטערגעקוקט אַף די שווינדלדיקע בערג, און ביימער, און וועגן.

איז מען געפלויגן אַזוי אַ וואָך. און צוויי. און פיר. איינעם הייסט עס: אַ כוידעש.

איז מען שוין געווען ווייט, ווייט פון דער היים. אָבער וואָס ווייטער און ווייטער, איז דאָס פייגעלע געוואָרן אַלץ מידער און מידער. ווייל ראַקעלע האָט זיכער געוויגן עפּשער צען גראַם.

האָט דאָס פייגעלע אָנגעהויבן כאַראָטע צו האָבן. האָט זיך עס אָפּגעשטעלט אַף א בערגעלע און, אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם, האָט עס קוים אַרויסגעמורמלט:

— „טשיר... טשיר... טשיר...” דאָס האָט געהייסן שיר־שיר ניט געבליבן אָן לונגען!.. מער, ברודערל, וועל איך דיך ניט קאָנען טראָגן! ווייל אויב איך זאָל נאָך פליען מיט דיר איינעם, איז אָדער איך וועל אַ פאַל טאָן טויט, אָדער איך וועל אָנקומען אהיים אין אַ יאָר אַרום!..

האט ראַקעלע אַ מאַך געטאָן מיטן פּיסעלע, ווי איינער רעדט! — נישקאָשע... איך וועל ניט פאַרפאַלן ווערן! איך וועל מיר שוין פּאַמעלעך אַליין קר־כן אין דער ווייטער וועלט אַריין... און אָט וועסטו זען, פייגעלע, אַז איך וועל דיך נאָך דער־יאָגן!.. דו זאָג

מיר נאָר, פייגעלע, ווי אַזוי דאַרף איך דיר נאָכקריכן? רעכטס, צי לינקס? אז דו וועסט מיר נאָר זאָגן ווי אַזוי, וועל איך שוין מיסטאמע אַליין טרעפן!..

— „טרעל... טרעל... טריל...” דאָס האָט געהייסן: טרעפן — וועסטו נאָר דעמאָלט, ווען דו וועסט זיך האלטן ניט רעכטס און ניט לינקס, נאָר גלייך, גלייך!

און ביידע כאַווערימלעך האָבן זיך געזעגנט:

דאָס פייגעלע האָט זיך אופגעהויבן העט הויך, און גריסנדיק מיט אַ פליגעלע דעם ראַקעלע, איז עס אַוועק אין דער בלויער ברייטקייט.

האָט זיך ראַקעלע אָנגעשפּאַרט אָפן רעכטן קלעמערל און מיט לינקן נאָכגעגריסט נאָכן פייגעלע, ביז ס'איז פאַרשוווּנדן געוואָרן.

נאָכדעם האָט ראַקעלע זיך געלאָזט אין ווייטן וועג אַריין. געלאָזט זיך גלייך. ניט רעכטס און ניט לינקס... ניט לינקס און ניט רעכטס... נאָר גלייך, גלייך, גלייך.

3

און דאָס פייגעלע איז שוין לאַנג אָנגעקומען אין דער אַלטער היים. און ראַקעלע איז נאָך אַלץ געקראָכן.

און דער זומער איז שוין געווען צו ענד. און ראַקעלע איז נאָך אַלץ געקראָכן.

און דער האַרבסט האָט זיך שוין לאַנג צעלייגט אַף די נאַקעטע ביימער. און ראַקעלע איז נאָך אַלץ געקראָכן.

און דאָס פייגעלע איז שוין צוריקגעפלויגן אין די וואַרעמע לענדער. און ראַקעלע קריכט נאָך און קריכט נאָך... ניט רעכטס און ניט לינקס... און ניט לינקס און ניט רעכטס... נאָך גלייך און גלייך און גלייך...

און אַז דאָס פייגעלע איז אָנגעקומען אין יענעם לאַנד, ווו עס וואַקסן פאַלמע־אַנצן און באַנאַנען און קאָקאָס־ניס און מילגרוימען, האָט זיך עס דערמאָנט אין כאַווערל, אין ראַקעלע.

אַוווּ זאָל עס איצטער זיין?.. ווייט־ווייט מיסטאָמע...

און אַזוי טראַכטנדיק, איז עס דערווייל אָנגעקומען צום ביימעלע, וואָס וואַקסט באַם ברעג טייכעלע צווישן די בערג.

איבערגעשלאָפן די נאַכט, האָט דאָס פייגעלע זיך געלאָזט פאַר־טאָג כאַפּן געשמאַקע פרימאָרגן־פליגעלעך.

פלי־פלי אַהער. פלי־פלי אַהין. אָט אין דער הויך. און אָט אין דער נידער. אָט מיט אויסגעצויגענע פליגעלעך. און אָט מיט פּאָכנ־דיקע. און אָט ביז צו די וואָלקן. און אָט נידעריק, נידעריק. קימאַט בײַ דער ערד.

און — פּלוצים — אוי, ווער קריכט עס דאָרטן?.. אוי, אוי, ס'איז דאָך ראַקעלע...

— „ראַ... קרי... ררראַ!..“ דאָס האָט געהייסן: ראַקעלע! ראַ־קעלע! כאַוועריל ליבינקער! וואָס מאַכסטו? וואָס מאַכסטו?

האָט זיך ראַקעלע אָפּגעשטעלט. זיך אָנגעשפּאַרט אַפן הינטערשטן פיסעלע, און דרייענדיק אַזוי מיט די הערנערלעך, האָט עס געקוקט צום פייגעלע מיט גאַיווע:

— אַהאַ! וואָס האָב איך דיר געזאָגט? געדענקסט?.. באַם געזע־גענען זיך... דעמאָלט... האָב איך דיר געזאָגט, אַז איך וועל דיך דעריאָגן? איצט זעסטו שוין? דעריאָגט, אַהאַ, דעריאָגט!

— „צרי!.. צרע!.. צרי!..“ דאָס האָט געהייסן: ווי... ווער... ווען!..

אָבער ראַקעלע האָט אַלץ געקוקט אַפן פייגעלע מיט גאַדלעס:

— אָ! אַ שיינע שטרעקע בין איך עס אָפּגעגאַנגען! ווער ווייסט, ווען איך וועל זיך אַמאָל קענען אומקערן צוריק אַהיים! און דאָ — זע נאָר זע, אַ נייע וועלט אַרום! און אַ טייך אַ נייער און גראָזן נייע! ווי שיין! ווי שיין! נאָר ווי דידאָזיקע נייע ערטער רופן זיך, דאָס ווייס איך ניט.

דו, פייגעלע, ביסט דאָך אויסגעוועזן אַ וועלט, זאָג אויס: ווי רופן זיך אָט די אַלע נייע ערטער?

— צרי... קרי... קכי!.. — האָט דאָס פייגעלע זיך צעלאַכט. די ערטער? צרי... קרי... קכי... דיזעלביקע ערטער!.. און דער טייך איז דערזעלביקער טייך!.. און דו, ברודערל, ביסט אינגאַנצן הונ־דערט שפּאַן פון דיין אַלטער היים, ווו דו האָסט אַלע דיינע יאָרן אָפּגעלעבט!..

— וואָס הייסט? — האָט ראַקעלע גענומען ציטערן מיטביידע הערנערלעך. איך בין דאָך געקראָכן אַזוי פיל צייט... אַזוי פיל

צייט... פון דאָרטן אָן... פון יענעם ווייטן אָרט, ווו דו האָסט מיך דעמאָלט איבערגעלאָזט...

— יאָ, ברודערל... עמעס... ביסט טאַקע געקראָכן, אָבער... טשריק... טשריק... אַף צוריק ביסטו געקראָכן, ברודערל. ווי דיין שטייגער איז: זיך רוקן אַף צוריק!..

האָט ראַקעלע פאַר גרויס בושע אַראָפּגעלאָזט דאָס קעפּעלע ביז צו דר׳ערד און פּאַמעלעך אַריינגעקראָכן טיף־טיף אין וואַסער אַריין.

און דאָס פייגעלע האָט זיך אופגעהויבן אינדערהויך, און פליענדיק אַקעגן דער זון, האָט עס געזונגען:

— צווי, טשריק! צווי, טשריק!
לענדער איין און לענדער אויס!
ווער עס קריכט נאָר אַף צוריק —
יענער קומט ניט אָן פאָרויס!

# רויטקעפּעלע

1

אין וואלד האָט געוואַקסן אַ שלאַנקער דעמב. אַף העכסטער צווייג איז געווען אַ נעסט. אין נעסט האָבן צוויי פייגעלעך געוווינט. אַן „ער" און אַ „זי".

איז דער „ער" אַרומגעפלויגן זוכן שפּייז, און די „זי" איז געזעסן אַף אַן אייעלע, און עס געוואַרעמט, און עס געוואַרעמט.

און אַז דאָס אייעלע האָט זיך שוין אינגאַנצן אויסגעוואַרעמט, האָט זיך עס צעשפּאָלטן אַף צווייען. און ס'איז דערפון אַרויס אַ פייגעלע. אַ פּיצעלע. מיט גרויען פוך. מיט ווייכינקע ביינדעלעך. מיט אַ געל שנאָבעלע. האָט דאָס פייגעלע געטשריקעט. האָט עס געטשרייעט און געוואַקסן, האָט עס געוואַקסן און באַקומען שיינינקע פעדערלעך. אַלערליי: גרינינקע און בלויאינקע. געלינקע און גאָלדענע.

האָט דאָס פייגעלע געהייסן: רויטקעפּעלע. ווייל פינקטלעך אַפן קיילעכיקן קעפּעלע, צווישן דימענטענע אייגעלעך, האָט עס געהאַט אַ טשוּביקל אַ רויטס. אַזוי ווי רויטע פּאָדים־זייד. אַזוי ווי רויטער הימל אין אַ זומער־טאָג.

איז רויטקעפּעלע געווען אַ לוסטיקס, אַ פריילעכס. דעם גאַנצן טאָג ניט צוגעמאַכט דאָס מויל. געהאַלטן אין איין זינגען. זיך אויפגעהויבן הויך־הויך, ווי אַ קליין פּינטעלע אונטער דער זון, און זיך געקייקלט אינדערלופטן, און מיטאַמאָל זיך אַ לאָז געטאָן אַראָפּ, און מיטאַמאָל זיך אַ ריס געטאָן אַרויף, און געמאַכט פאַרשיידענע קונצן.

האָבן זיך די עלטערן געשראָקן און געטראַכט: צו הויך און צו ווייט פליט אַרום רויטקעפּעלע. עס קאָן נאָך אַן אָדלער קומען און עס אויפכאַפּן. אָדער אַ שפּאַרבער. אָדער אַן אַנדער מין רויב־פויגל.

האָבן די עלטערן געוואָרנט זייער פייגעלע:

פלי ניט, רויטקעפּעלע, העכער דעם באַרג!
און פלי ניט, רויטקעפּעלע, ווייטער פון וואַלד!
אָדלערשער נאָגל איז שאַרף און איז שטאַרק!
און ס׳לויערט דער אָדלער אין פעלזענעם שפּאַלט!

אָבער רויטקעפּעלע האָט די עלטערן ניט געפאָלגט. אַז ס׳האָט אַזוי ליב געהאַט די ברייטע זוניקע פרייהייט! אַז ס׳האָט אַזוי ליב געהאַט די לויטערע הויך!

פלעגן די עלטערן שטיין אַלע פּאַרנאַכט אַף דער העכסטער צווייג פון שלאַנקן דעמב, און וואַרטן, און וואַרטן אַף רויטקעפּעלע. און די הערצעלעך האָבן געטיקט און געטאַקט. און די אײגעלעך האָבן געקוקט אין אַלע פיר זייטן. אַזוי שפּעט, אַזוי שפּעט, און רויטקעפּעלע איז נאָך ניטאָ!

נאָר, אַ־האַ! אַ־האַ! אָט הערט זיך פונווייטן אַ יונג טשריקעריי. דאָס פליט רויטקעפּעלע אַהיים אין דער נעסט. ווערט אַ פרייד. שנאָבעלע צו שנאָבעלע. הערצעלע צו הערצעלע. פליגעלע צו פליגעלע. נורען זיך אַלע איינעם איין. באַהאַלטן די קעפּעלעך אונטער די פליגעלעך. און ווערן אַנדרימלט... אין וואלד איז שטיל. שטיל. שטיל.

2

נאָר איינמאָל, און פייגעלעך שטייען אַזוי אַפן דעמב, און וואַרטן אַף רויטקעפּעלע. נאָר רויטקעפּעלע קומט ניט. די זון זעצט זיך, און רויטקעפּעלע — ניטאָ. די שפּיצן פון וואלד ווערן שוואַרצער און שוואַרצער, און רויטקעפּעלע — ניטאָ. אָט איז שוין נאַכט, און רויטקעפּעלע איז אַלץ ניטאָ!

אוי, אַז ס׳האָבן טאַטעלע־מאַמעלע גענומען שפּרינגען פון צווייגל אַף צווייגל, פון ביימל אַף ביימל, און קוקן אַף רעכטס, און קוקן אַף לינקס, און שרייען, און וויינען:

רויטקעפּעלע־פייגעלע! ווו ביסטו אַצינד?
צי האָט דיך פאַריאָגט אַ שרעקלעכער ווינט?
און האָט דיך געוואָרפן אַזוי ווי אַ קויל,

צום שפּאַרבער אין נאָגל, צום אָדלער אין מויל,
און שייניקע פּעדערלעך דיינע געציפּט —
ווו ביסטו, רויטקעפּעלע, פייגעלע ליבס?..

אַזוי האָבן טאַטעלע־מאַמעלע געזונגען. און איבערן וואַלד האָט געהאַנגען אַ שוואַרצע נאַכט, מיט שרעק און מיט טרויער.

3

אין אַ קליין שטייגעלע, איבער אַ פענצטער, האָט רויטקעפּעלע געהאַנגען. און טאָג ווי נאַכט געזונגען לידעלעך פון אומעט. נאָר מענטשן פאַרשטייען ניט פויגלשע לידער. האָבן מענטשן געזאָגט:

— אַך, ווי שיין רויטקעפּעלע זינגט.

און קיינער האָט ניט געוווּסט, אַז דעם פייגעלעס שיינע ליד איז דאָס געזאַנג פון פאַרלוירענער פרייהייט.

אוי, ווען עס געפינט זיך איין מענטש, וואָס זאָל עפענען דאָס שטייגעלע און אַרויסלאָזן רויטקעפּעלע צוריק אַף דער פריי, צוריק אינעם וואַלד, אַף די הויכע בערג און אַפן גרינעם גראָז.

4

איז געקומען אַ מענטש. האָט דער מענטש געהאַט אַ גרויסן, גרויסן שטערן. און שטאַרקע ליבע אויגן. האָט דער מענטש ליב גע־האַט די ברייטע זוניקע פרייהייט. און די אָרעמע מענטשן. און די קליינע קינדערלעך. און די קליינע פייגעלעך.

האָט ער געוואָלט באַפרייען די אָרעמע מענטשן. און די פאַר־קויפטע אַרבעטער און פויערים.

נאָר די רייכע, די רייכע! — זיי האָבן דאָס ניט דערלאָזט. האָבן זיי שטאַרק פיינט געהאַט דעם מענטשן מיט דעם גרויסן, גרויסן שטערן, מיט די שטאַרקע ליבע אויגן.

איז דערדאָזיקער מענטש אַנטלאָפן פון די רייכע, זיך פאַרשטעלט אין אַנדערע קליידער, און זיך באַהאַלטן אין דער שטוב, ווו רויטקע־פּעלע האָט געהאַנגען אין שטייגעלע, איבערן פענצטער.

און ווי דאָס פייגעלע האָט דערזען דעם נייעם גאַסט, האָט עס באַלד דערפילט, אַז דאָס איז ער!.. האָט עס געקוקט אַזוי

מיט דימענטענע אייגעלעך צום נייעם גאַסט און זיך פּלוצים צעגאָסן אין אַ הייסן געזאַנג:

— בּאַפריי! בּאַפריי! און עפן די שטייג!..



און ווי דער מענטש מיט די שטאַרקע ליבּע אויגן האָט דערזעען דאָס פאַרשפּאַרטע רויטקעפּעלע, האָט ער עס גענומען אין דער וואַרעמער האַנט. פאַמעלעכן, פאַמעלעכן עס געהאַלטן בּאַ בּיידע

פיסעלעך, צוגעלייגט די ליפּן צום רויטן טשוּביקל, און אַ זאָג געטאָן:

— פלי דיר, פלי דיר, רויטקעפּעלע, אין דער ברייטער זוניקער פרייהייט אַריין!..

און לאָדן געעפנט. און פענצטער צעפּראַלט. און פריי.

אוי, אַז רויטקעפּעלע האָט געטאָן זיך אַ הייב מיט אַ קוויטש און מיט אַ פרייד ביז הויך, ביז העט הויך! און, אוי, אַז ס'האָט זיך גענומען קייקלען אין לופט. קייקלען און זינגען. און זינגען און קייקלען. אַקעגן דער זון. אַקעגן דער זון.

5

און רויטקעפּעלע האָט אַזוי ליב באַקומען דעם מענטשן מיט די שטאַרקע ליבע אויגן, אַז ס'האָט מער ניט געקאָנט זיך שיידן פון אים. פלעגט עס קומען צו פליען אַלע איינדערפרי צום פענצטער, וווּ דער מענטש האָט געוווינט, און אים באַגריסט מיט שענסטע לידעלעך. און אַוווּ דער מענטש איז געפאָרן, איז רויטקעפּעלע נאָכגעפלויגן און נאָכגעזונגען.

6

איז געקומען די צייט. און דער מענטש מיט דעם גרויסן, גרויסן שטערן האָט באַפרייט לענדער און דערפער און שטעט. און אַרבע־טער, און פּויערים, און קליינע אָרעמע קינדערלעך. גאַסן האָבן גע־הילכט פון גליק און פרייד. און מענטשן־שערענגעס, מענגעס־מענ־געס, געצויגן ווי סטענגעס, און קינדערלעך קליינינקע, יינגעלעך, מיידעלעך, און אַלע איינעם האָבן געזונגען אַף גאַסן לידער פון פרייד און פון פרייהייט.

איז רויטקעפּעלע אויך מיטגעפלויגן. איבער רויטע פאָנען זיך געטראָגן. נאָענט, נאָענט, צו אים, צו דעם מיט די שטאַרקע ליבע אויגן. און, אָט, זיך אויפגעהויבן אינדערהויך. די גאַנצע רויטע שטאָט אויסגעקוקט. און באַלד צוריק. און מיט קליינע קינדערלעך זיך אויס־געגלייכט. און האָט באַ האַנט מיט זיי געשוועבט. און מיט זיי איינ־נעם מיטגעזונגען דאָס גרויסע ליד פון פרייהייט.

## 7

פיל געאַרבעט האָט דער מענטש. פון פאַבריק צו פאַבריק געלאָפן. פון שטאָט אין דאָרף, פון דאָרף אין שטאָט. מיט טויזנטער סאָנים זיך געשלאָגן, אַלעמען באַזיגט, פאַר יעדעס פיצעלע זיך געזאָרגט. פאַר אונדזער לאַנד. און פאַר קינדער קלייניקע. און פאַר גרעער, גאָרער וועלט.

איז ער מיד געוואָרן. און געוואָרן קראַנק. און פרי געשטאָרבן. און ווי געשטאָרבן איז גרויסער מענטש, האָט די גאַנצע וועלט געטרויערט. און קינדער האָבן ביטער געוויינט. און גרויסע מענטשן אויך.

און אַלע, אַלע זיינען נאָכגעגאַנגען נאָכן טויטן ליבן פירער. שטיל געגאַנגען. קאָפּ געבויגן.

און קיינער האָט ניט באַמערקט, ווי איבערן קאַסטן, וווּ דער טויטער פירער איז געלעגן, האָט אַ קליין פייגעלע געפלאַטערט. אַ קליין פייגעלע מיט אַ רויט טשובּיקל... דאָס איז געווען רויטקעפּעלע...

אין זומערדיקע פאַרנאַכטן קאָן מען אָפטמאָל זען אַ פייגעלע אַ קליינס אַפן העכסטן טרעפּעלע פון לענין־מאַוזאָליי.

אין שטערנדיקע נעכט קאָן מען אָפטמאָל הערן אַ פייגעלע זינגט, אַ פייגעלע פאַרגייט זיך אַפן העכסטן טרעפּעלע פון לענין־מאַוזאָליי...

ווער זינגט עס, ווער זינגט עס, אַף העכסטן טרעפּעלע,
פון לענין־מאַוזאָליי?
דאָס זינגט רויטקעפּעלע, דאָס זינגט רויטקעפּעלע,
לידער פון פרייהייט און פרייד!..

# אינהאַלט